# פײַן און גבורה

קאַפּיטלען װעגן דעם חורבן און אױפשטאַנד
פון די אידן אין װאַרשעװער געטאָ



אַרױסגעגעבן דורך דעם
נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פאַר דעם אַרבעטנדיקן ישראל
ניו־יאָרק 1959



# אינהאַלט

רחל אויערבאַך
(תל־אביב)

# לאָמיר שווייגן*

לאָמיר אויף ס'ניי מקדש זיין דעם טאָג. לאָמיר צינדן ליכט, לאָמיר שווייגן זעקס מינוט און אַ מינוט. פאַר די, וואָס זיינען אומגעקומען און פאַר די, וואָס זיינען אויפגעגאַנגען ווי דער גאָרער פלאַם צווישן די שווערע קנוילן רויך.

דעמאָלט, מיט פופצן יאָר צוריק. צום פופצנטן מאָל, ווי צום ערשטן מאָל — ביז אונדזער לעצטן טאָג.

קאַנאָנען האָבן געדונערט און מאַשין־געווער האָבן געשטעפּט, פּאַנצער־וועגענער האָבן געבראַזגעט מיט די קייטן אויפן ברוק. אַ וואולקאַן איז אויסגע־בראָכן און די פייערלאַווע האָט פאַרפּליצט דעם שטח.

הונדערטער טויזנטער פון וואַרשע האָבן שוין געהאַט פאַרלייגט די מאַסן־קברים פון טרעבלינקע און מיליאָנען פון אַנדערע שטעט און לענדער זיינען שוין געהאַט אַוועק אינעם תהום. אָבער די גריבער האָבן נאָך געקרעכצט. דאָס בלוט האָט נאָך אַרויסגעיוירן פון די גריבער. אינעווייניק צווישן מתים האָט נאָך ווער אַ פאַרוואונדעטער — געלעבט.

ביז איבער דעם נאָך־נישט־פאַרדעקטן ברידער־קבר איז אויפגעגאַנגען ריין און קלאָר אַ יונגער קאָפּ, ווי אַ לבנה אין דער חשכות. אַ צאַרטער יינגל־אָרעם האָט זיך אויסגעשטרעקט און וייט פאַר זיך אַרויסגעוואָרפן אַ גראַנאַט. דערנאָך האָט זיך נאָך איין ווייסע שמאָלע האַנט באַוויזן מיט אַ פלעשל אויפרייסשטאָף אַרומגעהילט אין צייטונג־פּאַפּיר.

דאָס יינגל מיטן מיידל פון דער „זילבערנער טאַץ״...

אין מיטן פון דעם גסיסה־כאָרכלען פון אַ פאָלק האָט זיך דערהערט דער קלינגענדיקער אויסגעשריי פון אַ כמעט נאָך קינדערישער שטים:

ניין, ניין, נישט אַזוי!

די דעטאָנאַציעס האָבן זיך געטראָגן איבער דער מיליאָנען־שטאָט. די פאַרמאַכטע שטאָט מיט מויערן אַרומגערינגלט איז געווען אַ פלאַמען־ים. דער שריפה־נעפל האָט פאַרשטעלט די זון. מענטשן־מאַסן האָבן זיך געראַיעט אין די קעלערס: געזוכט אַן אויסוועג דורך קאַנאַלן; געשפּרונגען פון די פענצטער פון די הויכע שטאָקן; געלאָפן איבער דעכער פון איין פייער אין פייער פון אַ צווייטן ברענענדיקן הויז.

---

*) געשריבן צום פופצנטן יאָרצייט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

און מויערן זיינען געווען אַרומגערינגלט אין באַלאַגערט, און קאַנאַלן זיינען געווען פאַרשטאָפּט, מיט גיפּט פאַרגאָסן.

און מחנות מענטשן זיינען געשטאַנען פון דער צווייטער זייט. זיך צוגעקוקט ווי מאַמעס לויפן איבער באַלקאָנען מיט קינדער אויף די הענט. איינער האָט אַ צווייטן אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף אַ גזימס פון אַ הויז, וואו עס איז נעכטן געווען אַ פאָן אַרויסגעהאָנגען, אַ פענצטער, וואו מען האָט נעכטן געזען אַ מענטש מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט.

און אַ איד איז דאָרט געווען צווישן המון. זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין די וואָלקנס רויך. זיך אָנגעשטרענגט צו דערכאַפּן מיטן אויער, צווישן דעם קנאַלן פון מאַשין־געווער, דעם איינעם קליינעם טראַסק פון דער רעוואָלווער־קויל.

און אַזוי דרייען מיר זיך אַרום ביז היינט. מיר הערן זיך איין אין דעם קאַנאָנען־דונערן, כדי צו דערהערן נאָך אַ מאָל אַ ווידערקלאַנג און מיר פרואוון אַלץ נאָך אַ מאָל אויסשיילן פון קנוילן רויך דעם דינעם פאָדעם פון דעם יונגן קרבן־עולה־פּלאַם.

דערכאַפּן נאָך אַ בליק, אַ ווידער־קול.

און ווידער וועלן זיך היינטיקס יאָר, ווי אַלע יאָר אַרויסלאָזן המונים מיט אויטאָבוסן און מיט באַנען צו אַזכרות. אָרקעסטערס וועלן שפּילן טרויערמאַרשן, קיבוצים־כאָרן וועלן זינגען געטאָ־לידער און דעם פאַרטיזאַנער־הימן. חזנים וועלן אויפהייבן אונטערן פרייען הימל אונדזער גרויס געוויין — און פאַרשטיקטע שלוכצן וועלן זיך אָפּרופן פון אונדז, פאַריתומטע, וואָס וועלן זיצן דאָרט.

המונים וועלן זאָגן קדיש און אָדלערס וועלן קרייזן מאַיעסטעטיש איבערן גרויסן קעסלטאָל אין וואַלד פון די קדושים, אין די בערג יהודה, אין אשתאול.

און בשעת די פאַרזאַמלונגען אין די קיבוצים, וועלן זיצן אויף די זאַמד־פלעצער און גראָזפלעצער ייִנגלעך און מיידלעך מיט בלויע בלוזעס און אין כאַקי־הויזן מיט בלאָנדע קעפּ און בלאָע אויגן אָדער מיט אויגן ברוינע און קעפּ טונקל געלאָקטע — אָט פּונקט אַזעלכע, ווי אונדזערע קינדער, די קינדער פונעם געטאָקאַמף זיינען געווען דאָרט.

***

און ווידער וועלן די דרשנים און פרשנים דרשנען פון טרויער און גבורה. ווידער וועלן זיך אַלע קלאַמערן אָן דעם כבוד פון די ייִנגסטע און יעדער איינער וועט וועלן פון זיין קרבן נהנה זיין. ווידער וועט מען זאָגן, אַז די יידישע בחורים זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געוואָגט. געוויזן אַנדערע דעם וועג אין גאַנץ אייראָפּע.

און די אין ישראל וועלן צום מיינסטןריידן פון חלוצים־יוגנט.

און די אין אַמעריקע וועגן בונד און די אין פוילן וועגן פּ.פּ.ר.

און אַלע וועלן אַרויסהויבן דעם ווערט פון יידישער אחדות, און אַלע וועלן ווי אַלע מאָל, אַחוץ אין מאָמענט פון העכסטער נויט, פון אחדות ווייט זיין.

און ווי אַלע יאָר וועלן צום סוף ווערן אויסגעשפּאַנט די בריקן וואָס האָבן

געפירט פון דאָרט אַהער. פון געטאָ וואַרשע צו נגבה און יד־מרדכי. פון „זשאַב" צו הגנה און צו פלמח, צו אידישער מדינה און צו מבצע סיני.

און דאָס וועט וואָר זיין ווי וואָר עס איז געווען דער קרבן. און די רייד וועלן זיין איבעריק, נעבעכדיק לגבי יענער טאַט.

טאָ לאָמיר אָפּשטעלן דאָס ריידן פון די רעדנער און דאָס זינגען פון די כאָרן און די טרויערמאַרשן פון אָרקעסטערס.

זאָל ווערן אַזוי שטיל, אַז מען זאָל קאָנען פאַרנעמען דעם פלאַקער, דאָס טראָפּן־טריפן פון די יאָרצייטליכט.

זאָל זיך נאָך אַ מאָל דערהערן אין דער לופט דאָס קנאַלן פון רעוואָלווערן אַנטקעגן קאַנאָנען־דונער.

מיר לעבן ווייטער אין אַ וועלט פון שינאה און סכנה, און אונדזער קרבן קאָן יעדן טאָג געמאַכט ווערן פון ס׳ניי.

מיר מוזן ווייטער האָבן אויף די גרענעצן די מרדכיס און די יורעקס, די טאָסיעס און די וואַנדעס, וואָס האָבן זיך דעמאָלט צו אונדז אַנטפּלעקט.

אפשר איז איינער פון זיי אַן עולה חדש אין אונדזער לאַנד?

אפשר וועט אַ צווייטער אויסוואַקסן אין אַ מעברה צו ווערן פאַר זיין פאָלק אַ געפענטעטער, פאַרשטויסענער משיח.

די צעמישעניש האַלט אָן. אברהם האָט געפירט זיין זון צו דער עקדה און ער איז אים ווידער גרייט מקריב צו זיין. לאָמיר שווייגן, לאָמיר טאָן חשבון־הנפש, לאָמיר זיך איינהערן אין דעם קלאַפּן פון די אייגענע הערצער, כדי מיר זאָלן ראוי זיין.

לאָמיר מקדש זיין דעם טאָג פון אויפשטאַנד מיט שווייגן און מיט האָרכן אין דער שטיל.



יצחק קאַצענעלסאָן

# צו די הימלען

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן, באַלד אין אָנהויב... הימלען, זאָגט פאַרוואָס?
אָ, זאָגט פאַרוועןן?
פאַרוואָס אָ, קומט עס אונדז אַזוי פאַרשעמט צו ווערן אויף דער גרויסער
ערד?
די ערד טויב-שטום, האָט ווי פאַרמאַכט די אויגן... איר הימלען אָבער,
איר האָט דאָך געזען,
איר האָט זיך צוגעקוקט פון אין דערהויך, פון אויבן, און ניט איבער
זיך געקערט!

ניט פאַרוואָלקנט האָט זיך אייער ביליקע די בלוי און האָט ווי שטענדיק
פאַלש געשעמערירט,
די זון אין רויטן ווי אַ תּליון גרויזאַם האָט אין שטענדיקן געקוילערט זיך
אין קרייז,
די לבנה, ווי אַן אַלטע הור, אַ זינדיקע, איז אין די נעכט אַרוים אויף
איר שפּאַציר,
און שטערן האָבן צוגעוואונקען שמוציק, געפינקלט מיט די אויגעלעך
ווי מייז.

אַוועקט! איך וויל אויף אייך ניט קוקן, איך וויל ניט זען אייך, ניט וויסן
פון אייך מער!
אָ, הימלען פאַלשע, אָ, גענאַרערישע, נידעריקע הימלען אין דער הויך,
אַך, ווי מיר פאַרדריסט —
איך האָב אַמאָל געגלויבט אייך, פאַרטרויט מיין פרייד, מיין אומעט אייך,
מיין שמייכל און מיין טרער,
איר זענט ניט בעסער פון דער מיאוסער דער ערד, דער גרויסער הויפן
מיסט!

איך האָב געגלויבט אייך, הימלען, באַזונגען אייך אין מיינע לידער
אַלע, אין יעדן מיין געזאַנג —
איך האָב געהאַט אייך ליב, ווי ליב מען האָט אַ פרוי, זי איז אַוועק,
צערונען ווי אַ שוים,

איך האָב די זון אין אייך נאָך אין מיין פריסטער יוגנט, די זון אין פלאַמען פון איר אונטערגאַנג,
פאַרגליכן מיט מיין האָפנונג: „אַזוי פאַרגייט מיין האָפנונג, אַזוי פאַרלעשט מיין טרוים!"

אַוועקט! אַוועקט! איר האָט אונדז אָפּגענאַרט, גענאַרט מיין פאָלק, גענאַרט מיין אַלטן שטאַם!
פון אייביק אָן — איר נאַרט אונדז, איר האָט די אָבות מיינע, די נביאים מיינע נאָך גענאַרט!
צו אייך, צו אייך — האָבן זיי די אויגן זייערע געהויבן, אָנגעצונדן זיך אין אייער פלאַם,
די טרייסטע אייערע אויף דר'ערד האָבן זיי אויף דר'ערד דאָ, אין בענקשאַפט אייך גענאַרט.

אייך געוואָלט... צו אייך די ערשטע אויסגערופן: האַזינו! פריער איר — פאַרנעמט!
און שפּעטער ערשט די ערד. אַזוי מיין משה און אַזוי ישעיה, מיין ישעיה: שמעו — הערט!
און שומו! ירמיה שרייט: שומו! ווער זשע אויב ניט איר? וואָס האָט איר פלוצלונג זיך אַזוי פאַרפרעמדט?
אָ, הימלען אָפענע, אָ, ליכטיקע איר הימלען, אָ, הימלען־הויך, איר זענט דאָך ווי די ערד.

איך קענט ניט, איר דערקענט אונדז שוין ניט מער, פאַרוואָס? צי האָבן מיר זיך דען
אַזוי געביטן? אַזוי געענדערט זיך? מיר זיינען דאָך די זעלביקע די יידן פון אַמאָל —
און בעסער נאָך אַ סך... ניט איך! ניט איך וויל צו מיינע נביאים זיך פאַרגלייכן, ניט איך קען,
נאָר די אידן אַלע, די צום טויט געפירטע, די מיליאָנען מיינע אויסגע־הרגעטע דאָ מיט אַמאָל —

זיי זיינען בעסער נאָך, מער אויסגעליטן, אויסגעלייטערט מער אין גלות דאָ! אָ, וואָס באַטייט
אַ איד אַ גרויסער, אַן אַמאָליקער, אַנטקעגן קליין אַ יעצטיקן, אַ פּשוטן, אַ דורכשניטלעכן איד
אין פוילן, ליטע, אין וואָלין, אין יעדן גלות, — פון יעדן אידן קלאָגט און שרייט
אַ ירמיה אַרויס, אַן איוב אין יסורים גרויס, אַ מלך אַן אַנטוישטער מיט אַ קוהלת־ליד.

איר קענט ניט, איר דערקענט אונדז שוין ניט מער, ניט קיינער, ווי מיר וואָלטן זיך פאַרשטעלט,
מיר זיינען דאָך די זעלביקע די יידן פון אַמאָל, מיר זינדיקן נאָך אַלץ צו זיך אַליין,
מיר זאָגן־אָפּ זיך אַלץ נאָך פונעם אייגענעם פון גליק און ווילן אַלץ נאָך ראַטעווען די וועלט, —
וואָס זענט איר בלוי אַזוי, איר הימלען בלוי, ביי אונדזער אויסגעהרגעט ווערן? וואָס זענט איר אַזוי שיין?

איך וועל ווי שאול, ווי מיין קעניג, זיך אַוועקלאָזן אין מיינע פיינען צו דער בעלת־אוב,
איך וועל דעם וועג געפינען, דעם פאַרצווייפלטן, דעם וועג דעם חושכ־דיקן קיין עין־דור,
און כ'רוף פון דער ערד אַרויס אַלע מיינע נביאים און באַשווער זיי אַלע: קוקט, אָ, קוקט אַרויף,
צו אייערע הימלען־העל און שפּייט אין פּנים זיי: צו אַלדי שוואַרצע יאָר אייך! צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

איר האָט זיך, הימלען, צוגעקוקט פון אויבן, ווי מען האָט די קינדער פון מיין פאָלק געפירט
איבער וואַסערן, אויף באַנען און צופוס, אין טעג אין העלע און אין פינצטערע אין נעכט, צום טויט,
מיליאָנען קינדער האָבן ביים דערהרגעט ווערן הענט צו אייך געהויבן — ס'האָט אייך ניט גערירט,
מיליאָנען מאַמעס אידעלע און טאַטעס — ניט פאַרציטערט האָט אויף אייך די בלאָע הויט...

איר האָט געזען די יאָמעלעך, עלפּיעריקע, אַליין די פרייד! אַ פרייד, אַ גוטסקייט בלויז,
און די בנציונלעך, די יונגע גאונים, די ערנסטע, די זוכער... אָ, טרייסט פון אַלץ וואָס לעבן!
איר האָט געזען די חנה'ס וואָס האָבן זיי געהאַט, וואָס האָבן זיי פאַר גאָט געהייליקט אין זיין הויז,
איר האָט זיך צוגעקוקט... איר האָט קיין גאָט אין זיך ניט, הימלען! הימלען גאָרנישט, הימלען אויסגעוועבט!

איר האָט קיין גאָט אין זיך ניט! עפּנט אויף די טויערן, איר הימלען, עפּנט אויף זיי ברייט,
און לאָזט די קינדער אַלע פון מיין אויסגעהרגעטן, פון פאַרפּייניקטן מיין פאָלק אַריין,

עפנט־אויף זיי צו דער גרויסער הימלפארט, גאַנץ אַ פֿאָלק געקרייציקט
שווער אין לייד
דאַרף אין אייך אַריין... אָ, יעדער פון די קינדער מיינע אומגעבראַכט,
קען אַ גאָט זיי זיין!

אָ, הימלען אויסגעליידיקטע און וויסטע, הימלען ווי אַ מדבר ווייט און
וויסט, איך האָב
מיין איינציקן מיין גאָט אין אייך פֿאַרלוירן, און זיי איז ווייניק האָבן
אין אייך דריי —
דער אידישער דער גאָט, זיין גייסט און דער גליל־איד פון זיי געהאַנגען
איז זיי קנאַפּ,
זיי האָבן אַלע אונדז אין הימל אָפּגעשיקט, — אָ, עקלדיקע און געמיינע
געטערדינעריי!

פרייט זיך, הימלען, פרייט זיך! — איר זענט געווען אָרים, יעצט
זענט איר רייך,
אַ געבענטשטער אַזאַ שניט — גאַנץ, גאַנץ אַ פֿאָלק, אַזאַ אַ גליק איז,
הימלען, אייך באַשערט!
פרייט זיך, הימלען אויבן, מיט די דייטשן, און די דייטשן אונטן זאָלן
פרייען זיך מיט אייך,
און זאָל אַ פייער פון דער ערד אויף אייך אַרויסגיין און אַ פייער זאָל
צעפלאַקערן פון אייך זיך אויף דער ערד.



# דער אויפשטאַנד פון די וואַרשעווער אידן

*דער פאָלגנדער באַריכט איז אַ טייל פון אַ דאָקומענט, געשריבן אין וואַרשע, אין מערץ 1944, וואָס די פירערשאַפט פון דער „אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע" (אי. ק. אָ.) האָט דורך אונטערערדישע פאַרבינדונגס־וועגן אַרויסגעשיקט דעם 24טן מאַי, קיין לאָנדאָן.*

דעם 18טן יאַנואַר 1943 האָבן שטאַרקע אָפּטיילונגען זשאַנדאַרמעריע, ס. ס., און מיליטער אַרומגערינגלט דעם וואַרשעווער געטאָ. במשך צוויי טעג פאַר דעם, האָבן די דייטשן אַדורכגעפירט מאַסן־אַרעסטן און ברייטע זוכונגס־אָנפאַלן אינעם אַרישן קוואַרטאַל. די אידן אין געטאָ האָבן גראָד דעמאָלט צומווינציקסטן דערוואַרט אַן אַקציע. פאַרטאָג האָבן די דייטשן אַרומגעשטעלט פּאָסטנס אין אַלע גאַסן און איינגאַנגען, וועלכע פירן צום געטאָ. די אַרבעטער, וועלכע האָבן געאיילט צו דער אַרבעט אין די פאַבריקן, האָט מען — נישט קאָנטראָלירנדיק זייער „פּראָדוקטיוויקייט" — אָפּגעפירט צום „אומשלאַג־פּלאַץ". אַ טייל פון די איבעריקע איז געלונגען זיך צו באַהאַלטן. קיין פרייוויליקע צום „אָפּפאָר" זיינען שוין נישט געווען. אין פאַרלויף פון 4 חדשים זיינען צוגעגרייט געוואָרן שוצערטער אויף בוידימער און אין קעלערס, עס זיינען צו דעם צוועק אויך פאַרמויערט געוואָרן וואוינצימערן, עס זיינען געבויט געוואָרן טאָפּלטע סופיטן א. אַ. וו. מחוץ פון די שוצערטער האָבן זיך געפונען נאָר עטלעכע אין־איילעניש צוגעגרייטע קאַמף־גרופּעס. אין צענטראַלן געטאָ האָט אַ טייל פון די קאַמף־אָפּטיילונגען, אונטער דער אָנפירונג פון זייער קאָמענדאַנט מרדכי אַניעלעוויטש, מיט אַ כיוון זיך געלאָזט כאַפּן צווישן עטלעכע הונדערט אַנדערע אידן. ווען מען האָט זיי דערפירט ביזן ווינקל פון די גאַסן זאַמענהאָף און ניזקע, האָבן די קאַמף־אָפּטיילונגען — לויט אַ געגעבענעם צייכן — געעפנט אַ שיסעריי אויף די דייטשן. די צום טויט־געפירטע אידן זיינען זיך פאַנאַנדערגעלאָפן און אויך די דייטשן האָבן זיך געלאָזט לויפן, באַהערשט דורך אַ פּאַניק. אָבער זייער שנעל, באַלד נאָכן גובר זיין די ערשטע שרעק, זיינען די דייטשן צוריקגעקומען מיט פאַרשטאַרקונגען. עס זיינען געווען קרבנות פון ביידע צדדים. די רייען פון די קעמפער האָבן אָנגעהויבן שיטערער ווערן. דער יונגער עלעק (אליהו) רוזשאַנסקי האָט, שוין זייענדיק שווער־פאַרוואונדעט אינעם העלדישן קאַמף, ביזן לעצטן מאָמענט נישט אַרויסגעלאָזט דעם רעוואָלווער פון האַנט. ווען ביי מרדכי אַניעלעוויטש זיינען אויסגעגאַנגען די קוילן, האָט ער זיך מיט הוילע הענט געוואָרפן אויף אַ זשאַנדאַרם, אַרויסגעריסן ביי אים די ביקס און אָנגעהויבן דעב קאַמף פונדאָסניי. נאָך אַ שעה צייט פון העלדישן געראַנגל איז אומגעקומען די גאַנצע גרופּע מיטן אויסנאַם פון קאָמענדאַנט, וועלכער איז על־פי־נס דאַן געראַטעוועט געוואָרן.

אַנדערע גרופּעס, אונטער דער אָנפירונג פון יצחק צוקערמאַן, אליעזר געלער און אריה ווילנער, האָבן געפירט פּאַרטיזאַנישע שלאַכטן אין די הייזער. אויף זאַמענהאָף־גאַס 56, מוראַנאָווסקע 44, מילע 34, 41, און 63, ווי אויך אויף סטאַווקי־גאַס האָבן קאַמף־גרופּעס געלויערט אויף די אָנקומענדיקע דייטשן. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מוט און קאַלטבלוטיקייט: זכריהו ארטשטיין, בנימין וואלד און חנוך גוטמאַן (אַלע דריי — גרופּע־קאָמענדאַנטן פון „דרור").

פון אונדזער זייט איז דאָרט געפאַלן נאָר איין קעמפער. דער רעזולטאַט פון די קאַמפן האָט איבערגעשטיגן אונדזערע דרייסטסטע דערוואַרטונגען. די דייטשן האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּאַנישער פּחד אַריינצוגיין אין די הייזער. אויפן דריטן טאָג האָבן זיי איבערגעריסן די אַקציע. איינעם וואַרשטאַטן־געביט האָט — אין דער שפּיץ פון אַ קליינער גרופּע קעמפער — העלדיש געקעמפט ישראל קאַנאַל. אין רעזולטאַט פון די קאַמפן האָבן מיר דעראָבערט איבער אַ צענדליק ביקסן און רעוואָלווערן, מיר האָבן דערהרגעט אָדער פאַרוואונדעט 50 דייטשן.

אין אָנהויב פעברואַר איז פאָרגעקומען אַ ווייטערדיקע, טיילווייזע ליקווידירונג פונעם טשענסטאָכאָווער געטאָ. וואַרשעווער אי. ק. א. האָט אַהין געהאַט אַרויס־געשיקט עטלעכע רעוואָלווערן, און מיט דעם געווער האָט אַ קליינע גרופּקע אונדזערע זעלנער געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. דאָס איז געווען אַ טראַ־גיש, אומבאַשרייבלעך בילד. די אַלטע, פאַרזשאַווערטע רעוואָלווערן האָבן זיך כסדר פאַרהאַקט און נישט געוואָלט פונקציאָנירן, די קעמפער האָבן זיך דאַן געוואָרפן מיט הוילע הענט אויף די דייטשן און זיינען אַלע אומגעקומען פון זייערע קוילן. אַפילו ביי די מערדער האָט דער שטומער העראָאיזם אַרויסגערופן שטוינונג און באַוואונדערונג.

דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד פון דער ציווילער באַפעלקערונג און דער קאַמף פון די אי. ק. אָ.־אָפּטיילונגען האָבן געצוואונגען די דייטשן אָפּצושטעלן די ליקווידיר־אַקציע אין וואַרשע. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די שוץ־ערטער, די געכאַפּטע צום אַרויסשיקן האָבן אויפגעבראָכן די וואַגאָ־נען־ווענט און זיינען אַרויסגעשפּרונגען אינמיטן גאַנג פון די צוגן. אַפילו פון טרעבלינקע גופא איז געלונגען אַ קליינער גרופּע אידן צו אַנטלויפן.

דער עכאָ פון די שיסערייען און פון די געשלייִדערטע האַנט־גראַנאַטן האָט אַלעמען עלעקטריזירט. די קעמפער זיינען אומעטום באַגריסט געוואָרן ווי רעטער. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיי געשטיצט ווי־ווייט זי האָט נאָר געקענט: בעקערס האָבן צוגעשטעלט ברויט אומזיסט, רימערס האָבן געמאַכט אַן געלט לעדער־שיידן צו די רעוואָלווערן. די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז זיך פאַנאַנדער־געוואָקסן און געשטאַרקט אירע קרעפטן פון טאָג צו טאָג.

היות ווי די פּאָנדן, וועלכע זיינען באַזאָרגט געוואָרן דורכן בירגער־קאָמיטעט, האָבן נישט געקלעקט צו דעקן דעם בודזשעט, וואָס האָט געגרייכט אין מיליאָנען זלאָטעס, — האָט די קאַמף־אָרגאַניזאַציע אַרויפגעלייגט גרעסערע שטייערן אויף די פאַרמעגלעכערע שיכטן. די אַנטשלאָסענע מאָסמיטלען, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן לגבי די ווידערשפּעניקע, האָבן דערפירט צו אַ רעגולערער צאָלונג פון די אַרויפגעלייגטע שטייערן. אויף די אידישע לייטער פון די וואַרשטאַטן, אויף די מיטגלידער פון דער אָרדנונגס־פּאָליציי און אויף אַלע יענע, וועלכע האָבן געפירט געשעפטן מיט די דייטשע אונטערנעמער, זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן

גרויסע געלט־שטראָפן. אויף דעם „אידנראַט" מיט זיינע אינסטיטוציעס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ קאָנטריבוציע, וועלכע האָט דערגרייכט די אַלגעמיינע סומע פון אומגעפער אַ מיליאָן זלאָטעס. אין משך פון דריי טעג איז די קאָנטריבוציע איינגעצאָלט געוואָרן. דער איינציקער וואָס פאַרדינט אַ בכבודיקע אויסטיילונג פון דער דאָזיקער גאַנצער גאנגרעניזירטער קליקע, איז געווען אברהם געפנער וועלכער האָט ביזן סוף איינגעהיט זיין אומאָפּהענגיקייט און ערלעכקייט. ער האָט פינאַנציעל אונטערשטיצט די קאַמף־אָרגאַניזאַציע, זאַמלענדיק לטובת איר גרויסע געלט־סומען.

אַלס קאָמענדאַנט פונעם „צענטראַלן געטאָ"־געביט איז באַשטימט געוואָרן ישראל קאנאל, קאָמענדאַנט פון די בערשטער־וואַרשטאַטן איז געווען מאַרעק עדעלשטיין, פון די טעבענס־וואַרשטאַטן — אליעזר געלער. די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אין איר רשות 22 קאַמף־גרופּעס. 11 פון זיי זיינען געווען פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס וואָס געהערן צום החלוץ: דרור (פרייהייט־החלוץ הצעיר) — 5; „השומר הצעיר" — 4; „עקיבא" — 1; „גורדוניה" — 1; 4 — פון „בונד" מיטגלידער; 1 — פון פּועלי ציון (צ. ס.); 1 — פון לינקע פּועלי ציון; 1 — פון „הנוער הציוני" און 4 — פון די לינקע פּאַראייגען. דער אידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט האָט צוזאַמען געהאַט 18 גרופּעס.

אַלס קאָמענדאַנטן פון די גרופּעס זיינען באַשטימט געוואָרן:

„דרור" (החלוץ, פרייהייט־החלוץ הצעיר) — בנימין וואלד, זכריהו ארטשטיין, חנוך גוטמאַן, יצחק בלוישטיין, בערל ברוידע.

„השומר הצעיר" — מרדכי גראָוואַס (מערדעק), דוד נאָוואָדוואָרסקי, סאלאמאַן (יוסף־יהושע) ווינאָגראַן, יוסף פאַרבער.

„גורדוניה" — יעקב פייגנבלאַט.

„עקיבא" — לוטעק (לייב) ראָטבלאַט.

„הנוער הציוני" — פּראשקער (יעקב).

פּועלי ציון (צ. ס.) — מאגיסטער מאַרעק (מאיר) מייעראָוויטש.

לינקע פּועלי ציון — הערש בערלינסקי.

די לינקע פּאַראייגען (קאָמוניסטן): הענריק (הערשל) קאַווע, הענריק זילבערבערג, יורעק גרינשפּאַן, פּאַוועל — ?

„בונד" — וועלוול ראָזאָווסקי, לוי (לייב) גרוזאַלץ, יורעק בלאָנעס, דוד האָכבערג (אַלע דאָ אויסגערעכנטע 22 קאָמענדאַנטן פון די קאַמף־גרופּעס זיינען געפאַלן).

פון די דערמאָנטע קאַמף־גרופּעס זיינען 9 איינקוואַרטירט געוואָרן אין צענטראַלן געטאָ, 8 — אינעם געביט פון די טעבענס־ און שולץ־וואַרשטאַטן, 5 — אינעם בערשטער געטאָ.

די הויפּט־באַוואָפנונג איז אָנגעקומען אין איין גרעסערן געווער־טראַנספּאָרט, וועלכער איז צוגעשיקט געוואָרן דורך די פּוילישע מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען. דאָס געווער איז באַשטאַנען פון רעוואָלווערן, גראַנאַטן און אויפרייס־מאַטעריאַלן. פאַר דעם דורך אונדז באַקומענעם געלט האָבן מיר איינגעקויפט נאָך עטלעכע הונדערט רעוואָלווערן און אויך אַמוניציע, — צאָלנדיק פאַר „וויס"עס 46 און „פּאַראבעלומס" פון 10 ביז 15 טויזנט זלאָטעס אַ שטיק!

אין פאַרלויף פון אַ סך וואָכן האָבן מיר זיך אונטערגעגראָבן אונטער דער

ערד ביז מיר האָבן דערגרייכט די געטאָ־מויערן, וואָס ביי זיי זיינען געשטאַנען דייטשע וואַך־פּאָסטנס, און מיר האָבן דאָרט פּאַרלייגט אויפּרייס־מינעס.

מיר האָבן געגלויבט, אַז די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע וועט קענען שטעלן אַ ווירקונגספולן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן, אויב זי וועט האָבן די פולסטע און אַנטשלאָסענע אונטערשטיצונג מצד דער גאַנצער אידישער געזעלשאַפט. האָבן מיר דעריבער אָנגעהויבן אַ שאַרפן און אומברחמנותדיקן קאַמף קעגן יענע עלעמענטן, וועלכע זיינען באַגאַנגען פאַררעטערישע מעשים דורך מיטאַרבעט מיט די דייטשן אָדער וועלכע האָבן דורך זייער אומווירדיקער האַלטונג דעמאָראַ־ליזירט דעם געטאָ. עס זיינען אויף זיי באַשטימט געוואָרן טויט־אורטיילן און ווער פון זיי עס איז נישט אַנטלאָפן אויף דער אַרישער זייט, האָט אים דערגרייכט די האַנט פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

די אַטמאָספער איז אויסגערייניקט געוואָרן! די רעשטן פון וואַרשעווער אידנטום, אויסגעלייטערט דורך די אכזריותדיקסטע נסיונות פון פייער און בלוט — האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. אין פאַרלויף פון דער יאַנואַר־אַקציע האָט דער וואַרשעווער געטאָ געבראַכט צום אויסדרוק די ענדערונגען, וועלכע זיינען פאָר־געקומען אין די געדאַנקען און אין דער האַלטונג פון די לעבנגעבליבענע אידן. די דייטשן האָבן געמוזט רעכענען זיך דערמיט. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז סיי די העראָאישע האַלטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג און סיי די פאַרביסענע פאַרטיידיקונג פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָבן נישט געקענט משפיע זיין אויפן גורל פון געטאָ, וועלכער איז שוין געווען אַ געחתמעטער.

די דייטשן האָבן אָבער דאָך נישט געוואָלט ליידן פאַרלוסטן און ברענגען קרבנות, און זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צום געטאָ אויף אַ „פרידלעכן" אופן. זיי האָבן דערביי געהאַט אינזינען צוויי צילן: 1) באַקומען אַרבעטס־פעאיקע עלעמענטן פאַר די באַדערפעניש פון דער מיליטערישער פּראָדוקציע — כל זמן זיי וועלן זיך נויטיקן אין זיי. 2) כדי אָפּצושוואַכן דעם געטאָ און מאָראַליש אים צעברעכן דורך אַרויסרופן שנאה און קנאה צווישן די, וואָס „דאַרפן בלייבן לעבן" און יענע, וואָס זייער פאַרניכטונג איז שוין געווען נאָר אַ פראַגע פון אַ פאָר טעג, האָבן זיי אָפּגעטיילט די „אַרבעטספייאיקע" אידן פון די „נישט־פּראָדוקטיווע" — וועלכע זיינען צום גרעסטן טייל אויך געווען אַרבעטס־פעאיק, נאָר די דייטשן האָבן זיי נישט געוואָלט באַשעפטיקן אין זייערע אונטערנעמונגען.

אין אָנהויב פעברואַר 1943 האָבן די דייטשע פאַבריק־אייגנטימער אָנגעהויבן אַ ברייט פאַרמאָסטענע אַקציע, פּראָפּאַגאַנדירנדיק צווישן זייערע אידישע „וואַר־שטאַטן"־אַרבעטער פרייוויליקע מעלדונג צום אַרויספאָר. „וואַרשע וועט אָפּ־גערייניקט ווערן פון אידן"! — האָבן זיי געטענהט אויף ספּעציעל אָרגאַניזירטע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען — און נאָר יענע, וועלכע וועלן אַרויספאָרן קיין פּאָ־ניאַטאָווא און טראַווניקי, וואו עס וועלן אויך אַריבערגעפירט ווערן די וואַרשטאַטן, נאָר יענע וועלן האָבן זיכער ברויט און אויך די זיכערקייט, אַז זיי וועלן „דורכ־האַלטן די מלחמה". אַלס הויפּט־מייסטער פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע־צערעמאָניע איז באַשטימט געוואָרן טעבענס שותף, דער דעגענעראַט שטעהמאַן, וועלכער האָט זיך שוין פון פריער פאַרשאַפט אַ געוויסע פּאָפּולאַריטעט צווישן די אידי־שע אַרבעטער דורך כלומרשטער צוגעלאָזנקייט און פאַרשידענע קאָמעדיאַנטישע

שטיקלעך. ער איז געווען אַ „גאַנצער מאַכער" אין פאַרשידענע היטלערישע פאַרטיי־פאָרמאַציעס; ער איז געווען דער צום בעסטן באַהאַוונטער און איינ־פאָרמירטער אין אַלע געהיימע באַשלוסן מכוח דער ענדגילטיקער ליקווידירונג פונעם אידנטום, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן אין די הויפּט־אָרגאַנען פון ס. ס. אין בערלין. אַזוי האָט דער דאָזיקער דייטש, אין זיינע פּאַטעטישע רעדעס, געמאָלט פאַר זיינע צוהערער כמעט גן־עדנדיקע בילדער פונעם לעבן אין שויס פון דער פּרעכטיקער נאַטור, וואָס וועט נאָך באַרייכערט ווערן דורך אויסגע־צייכנטע פאַרוויילונגען אין די פרייע שעהן און טעג. ער האָט דערציילט פאַנ־טאַסטישע געשיכטעס, וועגן פּליאַזשן, שווימבאַסיינען, קאָנצערטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וועגן אויסגעצייכנטער באַשפּייזונג, וועגן ממש־אויסגעטרוימטע היגיענישע באַדינגונגען, וועגן שולן, קינדער־היימען, א. אַ. וו. און כדי אונטער־צושטרייכן דעם „ציווילן" כאַראַקטער פון דער איבערוואַנדערונג, האָבן די דייטשן באַשטימט אַלס איבערוואַנדערונגס־קאָמיסאַר נישט עמיצן פון די ס. ס.־לייט, נאָר דעם פאַבריקאַנט טעבענס.

די ערשטע אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן געזאָלט ליקווידירט ווערן, זיינען געווען: האַלמאַנס טישלער־פאַבריק און די בערשטער־וואַרשטאַטן. די אידישע קאַמף אָרגאַניזאַציע האָט תיכף אָנגעהויבן אַ קאָנטער־אַקציע סיי אין וואָרט און סיי אין טאַט.

אין דער נאַכט ערב דער אָנגעזאָגטער אַריבערפירונג פון האַלמאַנס פאַבריק, האָט אַן אָפּטיילונג פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע זיך אַהין אַריינבאַקומען דורך די פאַבריק־מויערן און גרינדלעך פאַרברענט די פאַבריק־געביידעס, דעם גאַנצן רוי־שטאָף און אויך די שוין איינגעפּאַקטע, צום אָפּשיקן גרייטע מאַשינען. די דייטשן וועלכע האָבן זיך געפונען אין די פאַבריק־שטחים, זיינען אין צעטומלעניש אַנטלאָפן. די אי. ק. אָ.־אָפּטיילונג האָט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ אָן פאַרלוסטן. פון די טויזנט אַרבעטער האָבן אויפצומאָרגנס זיך צוגעשטעלט צום אַרויספאָר 25. דאַקעגן — פון די 3,500 אַרבעטער אין די בערשטער־וואַרשטאַטן האָט זיך קיינער נישט געמאָלדן צום אָפּפאָר! אַ גרופּע פון 60 אידן, אַרעסטירטע איינעם געביט פון די שולץ־וואַרשטאַטן, האָט די אי. ק. אָ. באַפרייט פאַר דער דייטשער וואַך אין די אויגן. דער אויטאָריטעט פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז געשטיגן נישט נאָר אין די אויגן פון דער אידשער באַפעלקערונג. אויך די דייטשן האָבן געמוזט זייער ערנסט רעכענען זיך מיט איר.

דעם 14טן מערץ האָט די קאַמף־אָרגאַניזאַציע פונאַנדערגעקלעפּט אויפרופן, אין וועלכע זי האָט אויפגעפּאָדערט זיך אַנטקעגנצושטעלן די דייטשע פאַראָר־דענונגען, אונטערשטרייכנדיק, אַז די „פרייוויליקע" איבערוואַנדערונג איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַן אומפאַרמיידלעכע פאַרניכטונג פון געטאָ. דעם 20טן מערץ האָט טעבענס אויפגעהאַנגען נעבן אונדזערע אויפרופן זיינע אייגענע פּלאַקאַטן — דער גרעסטער טייל פון זיי איז קאָנפיסקירט געוואָרן דורך דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע באַלד ווי זי האָט זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן. דער אינהאַלט פון טעבענס אויפרופן איז געווען פאָלגנדער:

„צו די אידישע אַרבעטער פון דער באַוואָפענונגס־אינדוסטריע אין אידישן קוואַרטאַל!

די קאָמענדע פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אין דער נאַכט פון 14טן

אויפן 15טן מערץ אויספלאַקאַטירט אירן אַן אויפרוף, אויף וועלכן איך וויל דאָ ענטפערן. איך שטעל פעסט קאַטעגאָריש, אַז: 1) עס האַנדלט זיך לחלוטין נישט וועגן קיין אויסזידלונגס־אַקציע; 2) נישט דעם ה׳ שולץ און נישט מיר האָט קיינער נישט באַפוילן מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט דורכצופירן אַזאַ אַקציע; 3) איך שטעל פעסט קאַטעגאָריש, אַז די מענטשן, וועלכע זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין לעצטן טראַנספּאָרט, זיינען נישט געטויט געוואָרן. עס איז צום באַדויערן וואָס די באַוואָפנונגס־אַרבעטער פון ה׳ שולץ האָבן נישט געפאָלגט און נישט אויסגעפירט זיינע גוט־געמיינטע עצות. איך באַדויער דעריבער זייער, וואָס איך האָב געמוזט גלייך האַנדלען און אַריבערפירן איינעם פון די וואַרשטאַטן, כדי אויסצונוצן די פאַראַנענע טראַנספּאָרט־מעגלעכקייטן. עס איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז די פאַמיליע־נעמען פון די אַרבעטער, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין טראַוואָניקי זאָלן באַלד פעסטגעשטעלט ווערן און אַז זייער באַגאַזש זאָל אַריבערגעפירט ווערן צוזאַמען מיט זיי.

די אַרויסגעזאָגטע מיינונג, אַז דער באַגלייטונגס־אָפּטייל פונעם צווייטן טראַנספּאָרט — פון פּראָסטע גאַס קיין פּאָניאַטאָווא — האָט כלומרשט נישט געוואוסט וואָס ס׳איז געשען מיטן טראַנספּאָרט, איז אַ נידערטרעכטיקער פּרואוו אויפצוהעצן די באַוואָפנונגס־אַרבעטער און אַ געמיינער ליגן. די באַגלייטערס זיינען כסדר געבליבן אויף זייער פּאָסטן, ביז זיי האָבן אַוועקגעשיקט דעם באַן־צוג; אויסער דעם זיינען זיי אַהערגעקומען שוין עטלעכע מאָל מיט לאַסט־אויטאָס — צוזאַמען מיט אַרבעטער פון פּאָניאַטאָווא — כדי אַריבערצופירן די מאַשינען. דער באַגאַזש איז נאָך נישט אָפּגעשיקט געוואָרן פון פּראָסטע גאַס און ער געפינט זיך ביז איצט אונטער דער אויפזיכט פון אַ איד, דעם אינזשיניער ליפּשיץ, וועלכער איז גרייט אין יעדן מאָמענט צו געבן אינפאָרמאַציע וועגן דעם ענין. אין טראַוואָניקי און אין פּאָניאַטאָווא האָט יעדער אַרבעטער באַקומען זיין באַגאַזש ווי זיין פּריוואַט־אייגנטום.

אידישע באַוואָפנונגס־אַרבעטער! גלויבט נישט די פאַרפירער! זיי ווילן אייך אויפהעצן כדי צו דערפירן צו רעזולטאַטן, וועלכע זיינען אומפאַרמיידלעך. אין די „שוצערטער" איז נישט פאַראַן קיין שום זיכערקייט און לעבן דאָרט איז נישט מעגלעך; דאָס זעלבע איז אויך אין דעם אַרישן קוואַרטאַל. די עצם־אומזיכערקייט און דאָס ליידיקגיין וועט מאָראַליש דערשלאָגן די צו־אַרבעט־געוואוינטע באַוואָפנונגס־אַרבעטער. איך פרעג אייך: פאַרוואָס קומען צו מיר, פון אייגענער איניציאַטיוו, רייכע אידן פון דעם אַרישן קוואַרטאַל און בעטן מיר, איך זאָל זיי נעמען צו אַרבעט? זיי האָבן גענוג געלט אויף צו לעבן אין דעם אַרישן קוואַרטאַל אָבער זיי זיינען נישט בכוח דאָס אויסצוהאַלטן. מיט דער פולסטער איבערצייגונג, קען איך אייך געבן מיין עצה: פאָרט קיין טראַוואָניקי, פאָרט קיין פּאָניאַטאָווא — ווייל דאָרט איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו לעבן און דאָרט וועט איר דורכהאַלטן די מלחמה! די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע וועט אייך נישט העלפן, זי גיט אייך נאָר פאַלשע צוזאָגן. זיי וועלן פאַר גראָבע געלטער פאַרקויפן אייך פּלעצער אין די שוצערטער און דערנאָך וועלן זיי אייך ווידער אַרויסטרייבן אינדרויסן און איבערלאָזן אויף אייער אייגענעם גורל. איר האָט שוין זעלבסט גענוג דערפאַרונג מיט זייערע אָפּנאַרערישע שטיק. גלויבט נאָר די דייטשע לייטער פון די אונטערנעמונגען, וועלכע ווילן צוזאַמען מיט אייך פירן די פּראָדוקציע אין

פּאַניאַטאָווא און טראַווניקי. נעמט־מיט מיט זיך אייערע פרויען און קינדער, ווייל מען זאָרגט אויך פאַר זיי!

וואָלטער צ. טעבענס — באַפולמעכטיקטער צום אַריבערפירן די אונטערנע־מונגען פונעם אידישן קוואַרטאַל אין וואַרשע.

די דייטשע אייגנטימער פון די פּראָדוציר־אונטערנעמונגען זיינען אין זייער צביעות נישט אָפּגעשטאַנען פון זייערע מיט־שותפים די ס.ס.־לייט. ה׳ טעבענס האָט זיך אַפילו דערלויבט — דורך זיינע אידישע משרתים — איינצולאַדן פאַר־שטייער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אויף אַ... זאַכלעכער קאָנפערענץ! אָבער קיין פּרוכטן האָט די גאַנצע דייטשע פּראָפּאַגאַנדע זיי נישט געבראַכט. קיינער האָט איר נישט געגלויבט. און אויב עטלעכע הונדערט אידן האָבן זיך פונדעסטוועגן יאָ געמעלדעט צום אַרויספאָר — האָט זיי געצוואונגען דערצו דער הונגער און קודם־כל דער האָפנונגסלאָזער מאָרגן. סוף־כל־סוף האָבן די דייטשן דערזען, אַז זיי מוזן אָנווענדן גוואַלט־מיטלען, וואָס ס׳איז זיי אָבער דאָך געווען זייער נישט באַקוועם. פון איין זייט וואָלט דאָס באַלד דעמאַסקירט זייערע אמתע כוונות און פון דער צווייטער זייט וואָלטן דאָן די רעזולטאַטן געווען נישט קיין גרויסע. די אידן האָבן אָנגעהויבן זיך אויסבאַהאַלטן. ווייזט אויס, אַז די ענדגילטיקע ליקווידירונג פונעם געטאָ איז נאָך נישט געווען באַשלאָסן דורך די דייטשן, וועלכע האָבן דאָס דעמאָלט נאָך געהאַלטן פאַר פּריצייטיק. זיי האָבן זיך דעריבער געווענדעט צום „אידנראַט" ער זאָל דורכפירן די דאָזיקע אַקציע. דער „אידנ־ראַט" האָט דורך ד״ר שיפּערס פאַרמיטלונג איינגעלאַדן די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע אויף אַ באַראַטונג. די איינלאַדונג איז פאַרשטייט זיך, אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט פאַראַכטונג. נאָכדעם האָט דער פּרעזעס פון „אידנראַט", דער באַ־קאַנטער אינזשיניער מאַרעק ליכטענבוים געגעבן די דייטשן פאָלגנדיקע כאַ־ראַקטעריסטישע תשובה: „איך האָב קיין מאַכט נישט אין געטאָ. דאָ הערשט אַן אַנדערע רעגירונג". די דייטשע פּלענער האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ פול־שטענדיקן דורכפאַל. דאָס מאָל איז זיי שוין נישט געלונגען צו צעברעקלען די כוחות פון די איבערגעבליבענע אידן. אויב די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל אויפן גאַנצן אידישן קיבוץ — וועלן מיר פאַלן אין קאַמף! דאָס איז געווען דער באַשלוס פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

אין דער נאַכט פון 18טן אַפּריל האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער אַקט אין דער טראַגעדיע פון וואַרשעווער געטאָ — דאָס האָט געזאָלט זיין אַ געבורטסטאָג־מתנה דעם „פירער" — די אידישע קאַמף אָרגאַניזאַציע איז אַרויס אין קאַמף צו דער לעצטער שלאַכט. צווי אַזייגער ביינאַכט האָבן די דייטשן אויסגעשטעלט אַרום די געטאָ־מויערן געדיכטע, דייטש־אוקראַיניש־לעטישע פּאַטרולן, יעדע 25 מעטער אַ פּאָסטן. איינציקווייז, זאַלבעצווייט, זאַלבעדריט, — האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַריינגיין אין די געביטן פון נישט־באַוואוינטן געטאָ, וועלנדיק אי־בערראַשן אַזוי אַרום די קעמפער און די באַפעלקערונג. צוויי אַזייגער מיט 30 מינוט קומען אָן די ערשטע ראַפּאָרטן פון אונדזערע אַרויסגערוקטע אויסשפּירערס וועגן דער קאָנצענטרירונג פון גרעסערע מיליטער־אָפּטיילונגען אינעם געטאָ־געביט. 4 אַזייגער פאַרטאָג זיינען שוין אַלע אונדזערע קאַמף־גרופּעס געווען אויף זייערע פּאָזיציעס. זיי זיינען גרייט געווען אויפצונעמען ווי געהעריק דעם אַריינמאַרשירנדיקן שונא. 6 אַזייגער אינדערפרי זיינען אַריין אין געטאָ־געביט

2000 באַוואָפנטע ס. ס.־מענער, טאַנקען, קליינע שנעלשיסנדיקע האַרמאַטן, דריי שלעפּ־מאַשינען באַלאָדענע מיט אַמוניציע, און אַמבולאַנסן. צוזאַמען מיט די אָפּטיילונגען פון „ס. ס.־וואפן״ באַוויזט זיך דער גאַנצער דייטשער „איבערזיד־לונגס״ שטאַב, צו וועלכן עס געהערן אָפּיצערן פון ס. ס. און געסטאַפּאָ: מי־כעלסאָן, האַנטקע, העפלע, מירעטשקא, באַרטעטשקאַ, בראַנד און מענדע. אידן זיינען נישטאָ אויף דער אויבער־פלאַך. אַלע זיינען אין אונטערערד־שוצערטער אָדער אין אַנדערע באַהעלטענישן; אויף דער אויבערפלאַך האַלט־וואַך נאָר די אי. ק. אָ. די קעמפער געפינען זיך אין די דריי שליסל־פונקטן פונעם געטאָ, וועלכע שליסן אָפּ דעם אַריינגאַנג אין די הויפּט־גאַסן. דער ערשטער צוזאַמענ־שטויס קומט־פאָר אויף די נאַלעווקעס, וואו צוויי פאַרבאַריקאַדירטע גרופּעס פאַר־טיידיקן די גאַס. דער קאַמף ענדיקט זיך מיטן נצחון פון די קעמפער. די דייטשן טרעטן־אָפּ, איבערלאָזנדיק אַ סך פאַרוואונדעטע.

גלייכצייטיק קומט פאָר ביים ווינקל מילע און זאַמענהאָף־גאַס די הויפּט־שלאַכט. די קעמפער — פאַרבאַריקאַדירטע אין אַלע פיר עקן גאַס — האָבן אַטאַ־קירט די דייטשע הויפּט־קאָלאָנע, וועלכע האָט אָנגעהויבן אַריינמאַרשירן אין געטאָ. נאָך די ערשטע שאָסן פון אַ מאַשין־געווער און טרעפלעך־געשליידערטע גראַנאַטן אין די געדיכטע רייען פון די ס. ס.־מענער — ווערט די גאַס ליידיק. מען זעט לחלוטין נישט די גרינע מונדירן. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין די קראָ־מען און טויערן פון די שכנותדיקע הייזער. עס קומט פאָר אַן אויסטויש פון איינצלנע שאָסן. אין 15 מינוט אַרום פאָרן אַריין דורכן „וואַך־טויער״ טאַנקען. זיי פאָרן צו האַרט צו דער פּאָזיציע פון אונדזערע קעמפער. די רואיק און טרעפ־לעך געוואָרפענע צינדפלעשער טרעפן גלייך אין טאַנק. דער פלאַם צעפלאַקערט זיך אויסערגעוויינלעך גיך. עס הערט זיך אַן אויפרייס. די מאַשין איז שוין פאַראַליזירט. די באַזעצונג איז פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. די פאַר־בליבענע צוויי קליינע טאַנקען טרעטן אָפּ תיכף, און נאָך זיי לויפן אין בהלה אַלע זיך־באַהאַלטנדיקע דייטשן. זיי ווערן באַגלייט מיט אַ האָגל גראַנאַטן און שאָסן. די דייטשן האָבן פאַרלוירן ביי 200 ז׳ערהרגעטע און פאַרוואונדעטע. אונדזערע פאַרלוסטן — 1 קעמפער.

מיט צוויי שעה שפּעטער האָבן די דייטשן אויסגעשטעלט אויפן צווישן געטאָ־געביט קליינע האַרמאַטן און באַשיסן מיט זיי אונדזערע פּאָזיציעס. מיר טרעטן אָפּ. די דייטשן האָבן דעראָבערט אונדזערע פּאָזיציעס. פלוצלונג הויבן אָן פליען גראַנאַטן פון די אַנטקעגנאיבערדיקע פענסטער — זאַמענהאָף גאַס 29. דאָס האָט איינע פון אונדזערע גרופּעס — וועלכע האָט ביז איצט נישט געשאָסן כדי נישט אַרויסצוגעבן איר פּאָזיציע — אַטאַקירט די דייטשן צום צווייטן מאָל אויפן זעלבן אָרט. די דייטשן פאַרלירן ווידער ביי 50 דערהרגעטע. אונדזער גרופּע טרעט אָפּ אָן אבדות. 5 אַזייגער נאָכמיטאָג זיינען שוין אינעם געטאָ־געביט קיין דייטשן נישט געווען בנמצא. מען האָט זיי צוריקגעצויגן אין די נישט־באַוואוינטע געביטן.

אונדזער נצחון איז געקומען אַדאַנק דעם, וואָס מיר האָבן געהאַנדלט אומ־דערוואַרט און שנעל, פון גוט־פאַרמאַסקירטע פּאָזיציעס. דער צווייטער טאָג פון דער אַקציע הויבט זיך אָן מיט דער קאָנצענטרירונג פון גרעסערע ס. ס.־אָפּטיי־לונגען אין די צווישן געטאָ־געביטן און אויף דער אַרישער זייט. די מאַסע כוחות גייט אָבער פונדעסטוועגן נישט אַריין אין די באַוואוינטע געביטן. אַרום



דייטשן באַשיסן דאָס געטאָ פון אַ קליינעם קאַנאָן

דריי אַזייגער נאָכמיטאָג קומט־צו צום טויער פונעם בערשטער־געביט אַן אָפּ־טיילונג פון 300 ס. ס.־מענער. די אָפּטיילונג פאַרהאַלט זיך דאָרט נאָר איין מאָמענט, אָבער דאָס גענוגט פאַר אונדזערע קעמפער איינצושאַלטן דעם עלעק־טרישן קאָנטאַקט, און אונטער די פיס פון די ס. ס.־מענער רייסט אויף אַ מינע. די דייטשן אַנטלויפן, איבערלאָזנדיק אויפן אָרט 80־100 געהרגעטע און פאַר־וואונדעטע. אין צוויי שעה אַרום קומען די דייטשן ווידער צו דעם געביט. זיי גייען איצט פאָרזיכטיק, איינציקווייז, שלאַכט־גרייט. אונדזערע קעמפער וואַרטן זיי אָפּ אויף זייערע פּאָזיציעס. 30 דייטשן זיינען אַריין — אָבער אַרויס זיינען בלויז 2. זיי זיינען אַטאַקירט געוואָרן מיט גראַנאַטן און מיט צינדפלעשער. ווער עס איז פון זיי נישט דערהרגעט געוואָרן דורך אַ גראַנאַט — איז פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. ערשט דאַן האָבן די דייטשן געבראַכט אַרטילעריע. זיי באָמבאַרדירן דעם הייזער־בלאָק פון פיר זייטן. אין דער זעלבער צייט קומען אָן צום בערשטער־געביט צוויי העכערע ס. ס.־אָפיצערן, וועלכע פאָדערן־אויף די קעמפער אַוועקצולייגן דאָס געווער מיטן פאָרשלאָג איבערצורייסן די שלאַכט אויף 15 מינוט, — אין קעגנפאַל, דראָען זיי, מיט באָמבאַרדירן דעם גאַנצן געביט. אַלס ענטפער האָבן געדינט עטלעכע שאָסן. פון דער אַנדער זייט בלאָק, פון פראַנציסקאַנער גאַס, מאַרשירט אַריין אַן ס. ס.־אָפּטיילונג, — זי האָט אָבער נישט ווייט מאַרשירט, עטלעכע ביקסן־זאַלפן האָבן זיי צעשפּרייט. און ווידער זיינען נישטאָ קיין דייטשן אינעם גאַנצן געביט.

דאָס איז געווען דער צווייטער, פולער נצחון פון אונדזערע קעמפער. אינעם געביט פון די טעבענס־און־שולץ־וואַרשטאַטן האָט מען דעם זעלבן טאָג פּראָ־קלאַמירט אַ פרייוויליקע וועדבירונג פאַר די אַרבעטס־לאַגערן. עס זיינען אָבער נישט געווען קיין בעלנים — קיינער האָט זיך נישט געמאָלדן. אַלע איינוואוי־נער פון יענעם געביט געפינען זיך — גלייך ווי אין צענטראַלן געטאָ — אין אונטערערדישע שוצערטער. די וואַרשטאַטן־דירעקציעס פאַרלענגערן יעדע עטלעכע שעה דעם טערמין פון פרייוויליקן אָפּפאָר, אָבער אויך דאָס העלפט נישט. נאָך דער דערקלערונג, אַז זיי וועלן זיין געצוואונגען אָנצואווענדן די זעלבע מעטאָדן, וואָס אין צענטראַלן געטאָ, הויבן־אָן די קאַמף־גרופּעס, וועלכע זיינען איינקוואַרטירט אין יענעם געביט, צו אַטאַקירן מיט גראַנאַטן און באָמבעס די נאָענטע ס. ס.־אָפּטיילונגען אויף דער אַרישער זייט. עס פאַלן 40 געהרגעטע און פאַרוואונדעטע דייטשן. די קאַמף־גרופּעס אַטאַקירן אויך די אָפּטיילונגען, וועלכע איילן אין דער ריכטונג פון צענטראַלן געטאָ, דורך די גאַסן נאָוואָליפּיע און סמאָטשע.

אויפן באַפעל פונעם פּאָליציי־פירער גלאָבאָצניק — וועלכער איז ספּעציעל געבראַכט געוואָרן פון לובלין קיין וואַרשע צו דער אַקציע — האָבן די דייטשן אויפן צווייטן טאָג אָנגעהויבן אונטערצינדן דעם געטאָ. אין דער ערשטער ריי האָט מען געברענט די הייזער און הייזער־בלאָקן, אין וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד: נאַלעווקיס 33־35־37, מילע גאַס 28, 19, זאַמענהאָף־גאַס — 28, דער גאַנצער בערשטער־בלאָק — דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע שרפה. אַלס תשובה אויף דער פאַרברענונג פון געטאָ צינדן אונטער די קעמפער אַלע מאַגאַזינען פון „ווערט־ערפאַסונג" און דעם וואַרשטאַטן־לאַגער — זייער ווערט באַטרעפט עטלעכע צינדליק מיליאָן זלאָטעס. די אַקציע דויערט ווייטער. די דייטשן זוכן די שוצערטער. דאָס קומט זיי אָן לייכטער, ווייל צוליב דער

שטאַרקער היץ גייען די מענטשן אויף ביינאַכט אַרויס אינדרויסן. די איבערגע־לאָזטע שפּורן ווייזן־אָן דעם וועג צו די שוצערטער. די דייטשן נוצן שטאַרק אויס די הילף פון אונטערהערונגס־אַפּאַראַטן און פון יאַגד־הינט.

אינצווישן גייען־איבער די קעמפער פון אַטאַקיר־טאַקטיק צו פאַרטיידיקונגס־טאַקטיק. זיי ווילן ווי־ווייט־עס־וועט זיך לאָזן ראַטעווען די מענטשן אין די שוצערטער. עס קומט פאָר אַן איבערגרופּירונג פון די כוחות. צו אַ סך שוצ־ערטער ווערן צוגעטיילט קאַמף־גרופּעס. אויפן 6טן טאָג פון דער אַקציע האָבן זיך אָנגעהויבן די פאַרטיידיקונגס־קאַמפן אין די געביטן פון די טעבענס־ און שולץ־וואַרשטאַטן. די קעמפער האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין די הייזער און אויף די בוידימער — נישט צולאָזנדיק די דייטשן צו די שוצערטער. יעדן טאָג האָבן די קעמפער ערגעץ־אַנדערש געשטיצט די באַפעלקערונג אין די שוצערטער. באַזונדערס שאַרפע קאַמפן זיינען פאָרגעקומען אויף נאָוואָליפּקי 41, לעשנע 78, 76, 74, נאָוואָליפּיע 67, 69. די קאַמף גרופּעס האָבן ווייטער געפירט נישט בלויז אַ פאַרטיידיקונגס־אַקציע, נאָר אויך אַן אַטאַקיר־אַקציע. וויפל מאָל די דייטשן האָבן געפּרואווט אַריינרייסן זיך אין געטאָ, האָבן זיי געמוזט אָפּטרעטן צוריק — ווערנדיק אַרויסגעשטויסן דורך די העלדישע פאַרטיידיקער. די דייטשן האָבן ווידער איבערגעלאָזט אויפן שלאַכטפעלד הונדערטער הרוגים. שעמענדיק



דאָס געטאָ גייט אויף אין פלאַמען.

זיך מיט זייערע אָפּטע מפּלות, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז מיט דער פאַרטיידיקונג פון געטאָ פירן־אָן דייטשע דעזערטירן. דער געטאָ האָט אָבער געמוזט איינגענומען ווערן. זיי האָבן דאַן געבראַכט אַרטילעריע, איינגעשטעלט שווערע באַטעריעס אויפן קראַשינסקי־פּלאַץ, אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ, אויף די גאַסן שוויענטאָיערסקע און באָניפראַטן. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתע באַלאַגערונג פונעם געטאָ. די פייער־וואַרפער האָבן געזייט טויט צווישן דער באַפעלקערונג. איבערן געטאָ זיינען אַרומגעפלויגן עראָפּלאַנען און געוואָרפן אויפרייס־באָמבעס און צינד־באָמבעס. דער גאַנצער קוואַרטאַל, וועלכער איז אונטערגעצונדן געוואָרן פון אַלע זייטן, איז געשטאַנען אין פלאַמען; טויזנטער מענטשן זיינען אַזוי אומגעקומען. פאַרצווייפלטע אידן זיינען פון די העכסטע הייזער־שטאָקן אַרונטערגעשפרונגען אויפן גאַסן־ברוק. ווער ס׳איז נאָך אַזאַ שפרונג געבליבן לעבן איז געפאַלן פון אַ דייטשער קויל. די קאַמף־גרופּעס, וואָס די צעבושעוועטע פלאַמען האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון זייערע פּאָזיציעס, האָבן געמוזט ענדערן די קאַמף טאַקטיק. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנער־קאַמף צווישן די חורבות, וואו זיי האָבן געלויערט אויף דייטשע אָפּטיילונגען. די קאַמפן זיינען פאָרגעקומען אָן איבעררייס בייטאָג און ביינאַכט. די דייטשן האָבן געמוזט דעראָבערן יעדע גאַס באַזונדער, יעדעס הויז באַזונדער. די לאַגע איז אָבער געוואָרן וואָס־ווייטער אַלץ אומדערטרעגלכער. קיין קרבנות צווישן די קעמפער זיינען כמעט נישט געווען. עס איז אָבער נישט געווען קיין מקום־מקלט פאַר די אויסגעמאַטערטע פונעם אומאויפהערלעכן קאַמף, וואָרום דער גאַנצער געטאָ האָט געברענט. אונטערן איינפלוס פון דער שרפה־היץ איז דער גאַסן־אַספאַלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פליסיקער סמאָלע־מאַסע. עס זיינען פאַרברענט געוואָרן די שפּייז־רעזערוון. די מיט־מי אויסגעגראָבענע ברונימער זיינען פאַרשאָטן געוואָרן דורך די ברוכשטיקער פון די איינפאַלנדיקע הייזער, אָבער דאָס ערגסטע איז געווען וואָס עס האָבן זיך אויסגעשעפּט די אַמוניציע־רעזערוון. די קעמפער האָבן זיך איצט געשאַרט דורך די גאַסן אין קליינע גרופּעס, אָנגעטון אין דייטשע העלמעטן און מונדירן; די פיס זיינען ביי זיי געווען איינגע־הילט אין שמאַטעס כדי צו פאַרטויבן אָפּקלאַנג פון די טריט. זיי האָבן אַטאַקירט די דורכמאַרשירנדיקע דייטשן, וועלכע האָבן זיך באַוויזן וואָס אַמאָל זעלטענער. אָנשטאָט דייטשע זעלנער, האָבן דאָך געקעמפט די פלאַמען, די עראָפּלאַנען און די אַרטילעריע, אויסגעשטעלטע אויף יענער זייט געטאָ־מויערן.

נאָך אַ גרינטלעכער באַטראַכטונג פון דער לאַגע, האָט דער קאָמאַנדיר־שטאַב פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע באַשלאָסן אַרויסצושיקן פאָרשטייער אין דעם אַרישן קוואַרטאַל אַריין, מיטן צוועק אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט דעם דאָרט פאַראַנענעם פאָרשטייער פון דער אי. ק. אָ. — אַ טאָג ערב דער אַקציע איז אַהין אַרויסגעשיקט געוואָרן יצחק צוקערמאַן אָנשטאָט אַריה ווילנער, וועלכער איז געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן אָבער עס איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון דער „פּאַוויאַק" טורמע און ער האָט געמוזט זיך אומקערן אין געטאָ. מיט אייגענע כוחות האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ רעטונגס־אַקציע. דער שליח פון געטאָ, שמחה ראַטהייזער (זע זיין טאָגבוך), איז אין דער נאַכט פון 8טן מאַי צוריקגעקומען אין געטאָ כדי אַרויסצוראַטעווען פון דאָרט מענטשן, — עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. מיט דער הילף פון ספּעציעלע הער־אַפּאַראַטן און פון פּאָליציי־הינט זיינען די דייטשן צוגעטרעטן צו אַנטדעקן די אונטערערדישע אידישע שוצערטער.

דעם 8טן מאַי האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דעם הויפּט־בונקער פון דער אי־דישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און אָפּגעשלאָסן אַלע זיינע פינף איינגאַנגען. צוליב דער האָפענונגסלאָזער לאַגע און כדי נישט אַריינצופאַלן לעבעדיקערהייט אין די דייטשע הענט, האָט אַריה ווילנער אויפגעפאָדערט די קעמפער צו באַגיין זעלבסטמאָרד. דער ערשטער האָט לוטעק (לייב) ראָטבלאַט דערשאָסן פריער זיין מוטער און דערנאָך — זיך. אין דעם בונקער האָט געפונען דעם טויט די מער־הייט מיטגלידער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע מיט איר קאָמענדאַנט מרדכי אַניעלעוויטש אין דער שפּיץ.

מיר האָבן אַרויסגעראַטעוועט פון געטאָ אַרום 80 מענטשן, אָבער דער גרעסטער טייל זייערער איז שפּעטער אומגעקומען אין דעם אַרישן קוואַרטאַל און אין די וועלדער. די קאַמף־גרופּעס פון יוסף פאַרבער און זכריה אַרטשטיין (השומר הצעיר און „דרור") וואָס אונדז איז נישט געלונגען צו קומען מיט זיי אין פאַרבינדונג, האָבן נאָך געקעמפט אין געטאָ במשך לאַנגע וואָכן. דערנאָך איז פאַרשוואונדן יעדער שפּור פון זיי. נאָך דער העלדישער פאַרטיידיקונג פון וואַרשעווער געטאָ זיינען, געקומען, די ליקווידאַציע און די פאַרטיידיקונג פון די געטאָס אין טשענסטאָכאָוו, בענדין, ביאַליסטאָק און אין אַנדערע שטעט.

דער סאַמע פאַרביסנסטער און העלדישסטער קאַמף איז געווען דער קאַמף פון דער ביאַליסטאָקער אי. ק. אָ. אַ דאַנק דער הילף פונעם וויצע־פּרעזעס פון ביאַליסטאָקער „אידנראַט", באַראש אפרים, וועלכער האָט געשטעלט אין רשות פון דער אי. ק. אָ. פּיראָטעכניקער און זיי צוגעשטעלט רוי־מאַטעריאַלן, — האָט מען אין געטאָ גופא אויסגעאַרבעט גראַנאַטן און זויערשטאָפן, וואָס זיינען נויטיק געווען צום קאַמף. אין דער שפּיץ פון די קעמפנדיקע אָפּטיילונגען פון דער אי. ק. אָ. איז געשטאַנען מרדכי טענענבוים. דער ערשטער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען אויף דער פאַבריטשנע גאַס. די שאַרפסטע שלאַכטן זיינען אָפּגעגע־האַלטן געוואָרן אויף דער ביאַלאָסטאָטשאַנסקע־גאַס, וואו עס האָט אָפּערירט אַ אידישער מאַשינגעווער. די דייטשן האָבן אַזוי ווי אין וואַרשע אויך אין ביאַ־ליסטאָק זיך באַנוצט מיט פאַנצער־געווער און מיט פעלד־אַרטילעריע. די פאַר־ביסענע קאַמפן האָבן געדויערט אַכט טעג. די אַקטן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד מצד די אידן האָבן נישט אויפגעהערט אַ לענגערע צייט, — זיי האָבן געדויערט איבער אַ חודש. די אידן האָבן אין ביאַליסטאָק דערהרגעט און שווער פאַר־וואונדעט עטלעכע הונדערט דייטשן און אוקראַינער. זיי האָבן געקעמפט מיט אויסערגעוויינלעכער פאַרצווייפלונג דערוועקנדיק באַוואונדערונג ביי דער באַפעל־קערונג פון דער גאַנצער שטאָט און פון קרייז.

די דייטשן האָבן — אַזוי ווי אין וואַרשע — אונטערגעצונדן אויך דעם ביאַליסטאָקער געטאָ פון אַלע זייטן כדי צו דערשטיקן דעם קאַמף־גייסט פון אונדזערע קעמפער. דער געטאָ האָט אָפּגעברענט ביזן גרונט.

דער גאַנצער באַן־וועג צווישן ביאַליסטאָק און מאַלקיניא און טרעבלינקע איז געווען פאַרלייגט מיט די טויטע קערפּערס פון די אַנטלאָפענע, וועלכע זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון די צוגן. פון די וואַגאָן־דעכער האָבן אוקראַינער אָן־אויפהער געשאָסן פון מאַשין־געווערן אויף די אַנטלויפנדיקע. בלויז געציילטע יחידים איז געלונגען צו אַנטרינען און זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערפער און וועלדער.

מיט גאָלדענע אותיות וועט פאַרשריבן ווערן אין דער כראָניק פונעם אידישן ווידערשטאַנד ווי אידישע פאַראורטיילטע האָבן חרוב־געמאַכט צוויי גרויסע טויט־לאַגערן, די אויסראָטונגס־ערטער אין טרעבלינקע און סאָביבאָר. דעם קאַמף אין טרעבלינקע באַשרייבט זיינער אַן אָנטיילנעמער אינעם אויטענטישן רעפּאָרטאַזש — „אַ יאָר אין טרעבלינקע״, וועלכן מיר שיקן מיט. דער קאַמף אין סאָביבאָר, נעבן כעלם אין לובלינער געגנט, האָט געהאַט פאָלגנדיקן פאַרלויף: דער רעשט פון די אידישע פאַראורטיילטע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין יענעם טויט־לאַגער אין אַ צאָל קרוב צו 600, האָט זיך אָרגאַניזירט אין קאַמפס־פינפטלעך, און אין אַ פון פריער באַשטימטן טערמין זיינען זיי צוגעטרעטן צו דער קאַמף־אַקציע. דעם 14טן אָקטאָבער 1943 האָבן די אידן אויסגעהרגעט ביז איינעם די גאַנצע דייטש־אוקראַינישע מאַנשאַפט, זיי האָבן פאַרברענט דעם קרעמאַטאָריום, די גאַז־קאַמערן, די קליידונגס־ און וואוינונגס־באַראַקן, זיי האָבן איבערגעריסן די פאַרצוימונגס־דראָטן און זיינען זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע וועלדער. אַדורכגייענדיק דעם פאַרמינירטן געביט, ביי די פאַרצוימונגס־דראָטן, זיינען אומגעקומען אַ צוויי הונדערט מענטשן. אויפן צווייטן טאָג, בעת דער זוכונגס־יאַגד האָבן די דייטשן געכאַפּט אַ 60 אידן, וועלכע זיי האָבן דערשאָסן אויפן אָרט. די איבעריקע האָבן זיך באַהאַלטן אין די אַרומיקע וועלדער און דערפער.

מיט דער הילף פון דער וואַרשעווער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָבן די קאַמף־אָרגאַניזאַציעס אין טשענסטאָכאָוו — אין קאַמף דאָרט האָט זיך אויסגעצייכנט מאַרעק (מאָטל) פאָלמאַן, — בענדין און טראַווניקי, געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד די דייטשן בעת די ליקווידאַציע־טעג אין די דאָזיקע ישובים, קעמפנדיק ביז דער לעצטער קויל.

דער הייפל אי. ק. אָ. מיטגלידער פון טשענסטאָכאָוו, וואָס זיי איז געלונגען צו ראַטעווען זיך — געפינט זיך אין וועלדער. טראָץ די שווערסטע באַדינגונגען, אין וועלכע מיר לעבן, און טראָץ די פילע קרבנות, מיט וועלכע מיר צאָלן, אַלס קאָנספּיראַטיווע טוער און אַלס אידן — פירט ווייטער די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע איר טעטיקייט, צוגרייטנדיק די יוגנט און די פאַרבליבענע אידישע ישובים צו האַפנונגסלאָזע קאַמפן, וועלכע וועלן נאָך זיכער פאָרקומען.



## װלאַדיסלאַװ שלענגל

# קאָנטראַטאַק

. . . זיך רואיק געשלעפּט צו װאַגאָנען,
שוין מיאוס דאָס לעבן . . . אָן אימה . . .
קנעכטיש שאַוליסטן [1] געקוקט אין די אויגן
בהמות . . .
באַלעקן זיך די אָפיצירן.
װאָס קיינער זיי װירקט אויף די נערװן.
װאָס ס׳גייען אין מאַרשן די אידן װי האָרדעס
און בייטשן האָבן געשװישטשעט איבער די מאָרדעס.
ס׳ליגן די אידן אויף דער ערד שוין װי הינט.
נאָך איידער זיי הייבן אָן קלאָגן.
פון לאַנגװייל עס װאַרפן די האַרן
דער סטאַדע ציגאַרן —
שאַכטלען „װאַרום זינד יונא רונד״ [2]
און ס׳טראָפנט אין בלוט און אין טרער דער װיגיקער גרונט.
און װען װי שאַקאַלן
זיינען די דייטשן דאָס געטאָ באַפאַלן,
האָט די סטאַדע פון געװיין,
באַװיזן אירע שאַרפע ציין.
אַ שאָס אויף דער מילע, ס׳פאַלט אַ זשאַנדאַר
— אַ טעות . . . געפאַר?
דעם אָרעם אויסגעטראַפט זיך גוט
באמת בלוט?
און װידער רעװאָלװערן — קנאה און האַס
פון דזשיקע פון ניזקע און ביים פּאַװיאַק:

---

1 ליטװישע פאַשיסטן־מערדער.

2 דייטשע פאַפּיראָסן פירמע.

און ווי מיט האָר צעפּליקטע אויף טרעפּ צעדרייטע
ס׳ליגט אַ מאַמע אַן אַלטינקע אַ טויטע,
ס. ס.-מאַן האַנדקע גוסס׳ט אויכעט . . .
צערונצלען זיין שטערן די קאַרבן:
— האַנדטקע וועט שטאַרבן?
האַנדטקען פאַרכאַפּט האָט דער בונט.
אין כאַרכל דער גאַוועט צעפּליסט אויף זיין וואונד.
און בלוטיקט אויף שאַכטל „יונא זינד רונד״ . . .
די גילדענע שליפעס, צעטראָטן, צעשטויבן
די ערד אונטער אים, דער הימל פון אויבן . . .
ס׳ליגן די בלויע זשאַנדאַרם-מונדירן
אויף שמוציקע טרעפּ, ביי פאַרשפּיגענע טירן.
און טאַנצנדע קוילן אין פריידיק געזאַנג
פאַרהאַלטן ביי שולצן און טעבענס[3] די רעדער אין גאַנג . . .
אַ בונט פונעם פלייש! אַ בונט פונעם פלייש! דורך גראַטן
ס׳פייערט דער פליישבונט אַ האָגל גראַנאַטן.
עס קלאַמערט דאָס פלייש זיך אין בלוט-רויטע שטראַלן
און ווילן נאָך לעבן, און ווילן ניט פאַלן.
היי!
ווי פריידיק אין דייטש איז צו שיסן.
אַ פראָנט איז דאָ, הערן.
אַ פראָנט איז דאָ שר׳ן
„היר טרינקט מאַן מער קיין ביר״:
„היר האַט מאַן מער קיין מוט . . .״
בלוט. בלוט. בלוט.
פון ווייסן גלאַטן לייב
די הענטשקע נעם אַראָפּ.
לעג אָפּ דעם בייטש. דעם העלם אויפן קאָפּ.
און מאָרגן אין דער פרעסע שרייב:
„אַריינגעריסן האָבן מיר
זיך אין טעבענס בלאָק דורך הינטער-טיר״.
אַ בונט פון פלייש. אַ זיג-געזאַנג!!!
הער צו, דו דייטשיש גאָט:
אין חורבות-הייזער, מיט לאָמען, שטעקנס אינעם גאַנג
טוען אידן תפילה:

3 דייטשע וואַרשטאַטן אין וואַרשעווער געטאָ.

מיר בעטן גאָט. אַ קאַמף, אַ בלוטיקן שיסן.
אַ העלדנטויט געפינען.
זאָלן אויגן איידער זיי פאַרשליסן
ניט זען ווי זין און טעכטער פירט מען . . .
מיר בעטן, גאָט, ביי דיר,
זאָל טרעפיק זיין דער ציל
אין היטלערשן מונדיר . . .
אָ לאָז אונדז פילן
נאָך איידער אונדזער אומקומען — אין ווי
דערהערן זייער לעצטן טויט-געשריי
און הענט די שטאָלצע, די הענט פון דייטשן
פילן זאָלן שרעק פון בייטשן
. . . אין פורפורנע בלוטיקע בלומען.
פון ניזקע, פון מילע, פון מוראַנאָוו
בליט דער פלאַם פון פולעמיאָטן-וואק
דאָס איז אונדזער פרילינג!
אונדזער קאָנטראַטאַק!
די געסלעך אסטראָווסקע און מילע
זיינען די פאַרטיזאַנישע וועלדער די שטילע . . .
אויף ברוסט ווי מעדאַלן ביים קעמפער אין שלאַכט,
דער בלאָק-נומער ציטערט ביי טאָג און ביי נאַכט . . .
ס׳לויכטן פיר אותיות אין רויטלעכן גלי,
די בלוטיקע אותיות פון בונט, ב ו נ ט
און ס׳וואַלגערן זיך אַ בלוטיקע שאַכטל אין מאַרגיקן פרי:
„יונא זינד רונד“.

פון פויליש: **ש. קאַטשערגינסקי**

# „דער חלום פון מיין לעבן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן”

דעם פאָלגנדיקן בריוו האָט מרדכי אַניעלעוויטש, קאָמאַנדיר פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד גע־שריבן צו יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), וועלכער האָט איבערגענומען די אָנ־פירערשאַפט פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע נאָך אַניעלע־וויטשעס טויט, דעם 8טן מאַי, 1943.



מרדכי אַניעלעוויטש

**דעם 23טן אַפּריל, 1943**

שלום יצחק,

**איך ווייס נישט וואָס צו שרייבן דיר צוערשט. זיי מוותר דאָס מאָל אויף פּערזענלעכע פּרטים. איך קען דיר נאָר זאָגן פאָלגנדעס: דאָס וואָס איז געשען, שטייגט אַריבער אונדזערע סאַמע דרייסטע טרוימען. די דייטשן זיינען צוויי מאָל געצוואונגען געוואָרן צו אַנטלויפן פון געטאָ. איינע פון אונדזערע אָפּטיילונגען האָט אויסגעהאַלטן אויף איר פּאָזיציע 40 מינוט, אַ צווייטע אָפּטיילונג — איבער זעקס שעה. די מינע, וואָס מיר האָבן פאַרלייגט אויפן געביט פון די בערשטער־פאַבריקן האָט אויפגעריסן. אויף אונדזער זייט האָבן מיר ביז איצט געהאַט איין קרבן: יחיאל איז ביים מאַשין־ביקס אומגעקומען אַ העלדישן טויט.**

**ווען מיר האָבן נעכטן געהערט אַז די מיטגלידער פון פּ.פּ.ר. האָבן אַטאַקירט די דייטשן און אַז די ראַדיאָ־סטאַציע „סוויט” האָט איבערגעגעבן אַ וואונדערבאַרע ידיעה וועגן אונדזער זעלבסט־פאַרטיידיקונג — האָבן מיר געהאַט דעם געפיל פון**

שלימותדיקייט. די אַרבעט וואָס דערוואַרט אונדז איז נאָך אַ גרויסע, אָבער אַלץ וואָס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן איז געווען בשלמות.

די אַלגעמיינע לאַגע: אַלע וואַרשטאַטן אין געטאָ און אויסער אים זיינען געשלאָסן געוואָרן, אויסער דער „ווערטערפאַסונג", „טראַנסאוויע" און „דערינג". וועגן דער לאַגע ביי שולץ און טעבענס האָב איך ניט קיין ידיעות. די פאַר־בינדונג איז איבערגעריסן געוואָרן. די בערשטעטער־וואַרשטאַטן שטייען שוין דריי טעג אין פלאַמען. איך האָב ניט קיין פאַרבינדונג מיט די קאַמף־גרופן. אַ סך שריפות אין געטאָ. נעכטן האָט געברענט דער שפּיטאָל (אויף געגשא 6). גאַנצע הייזער־בלאָקן שטייען אין פלאַמען. די פּאָליציי איז צעטריבן געוואָרן, אויסער דער „ווערטערפאַסונג".

אָנהויבנדיק הייַנט אָוונט, גייען מיר אַריבער אויף אַ טאַקטיק פון פּאַרטי־זאַנער קאַמפן. הייַנט בייַנאַכט גייען אַרויס דריי קאַמפס־אָפּטיילונגען. זיי האָבן צוויי אויפגאַבן: אויסשפּיר און געווען דעראָבערונג. געדענק, אַז קורץ געווער האָט פאַר אונדז קיין שום באַדייטונג נישט. מיר האָבן זיך כמעט נישט באַנוצט מיט אים. מיר דאַרפן דרינגענדיק: גראַנאַטן, ביקסן, מאַשין־ביקסן און אויפרייס־מאַטעריאַלן.

עס איז נישט מעגלעך צו באַשרייבן אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען עס לעבן די אידן אין געטאָ. נאָר איינצלנע וועלן עס קאָנען אַריבערטראָגן. אַלע איבעריקע וועלן פריער אָדער שפּעטער אומקומען. זייער גורל איז געחתמעט. אין אַלע בונקערס, וואו עס באַהאַלטן זיך אויס אונדזערע חברים, קאָן מען קיין ליכט נישט אָנצינדן, ווייל עס פעלט לופט.

זיי געזונט, מיין טייערער, אפשר וועלן מיר זיך נאָך טרעפן. דער עיקר: דער טרוים פון מיין לעבן איז שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן. איך האָב זוכה געווען צו זען די אידישע זעלבסטשוץ אין געטאָ אין איר פולער דערהויבנקייט און פּראַכט.

מרדכי (אַניעלעוויטש)



# די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע פּאָדערט וואפן

(אַ בריוו פון מרדכי אַניעלעוויטש צו די פאָרשטייער פון קאָאָרדיניר־קאָמיטעט אויף דער אַרישער זייט)

דעם 18טן מערץ, 1943

ליבע הערן:

די לאַגע ווערט ערנסטער פון שעה צו שעה. 1500 מענטשן פון די שולץ־וואַרשטאַטן דאַרפן נאָך היינט אַרויס.[1] מיר דערוואַרטן אַקציעס אין געטאָ און אין דעם וואַרשטאַטן־געביט. דער קאַפּיטל פון די בערשטער־אַרבעטער,[2] וועל־כער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אונדזער פולשטענדיקן נצחון, האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל איבערצייגט דעם שונא אַז ער מוז ווידער אָנווענדן די מעטאָדן פון באַלאַגערונג און טעראָר. אין די נאָענסטע טעג קען זיך דערנענטערן דער סוף פון דעם וואַרשעווער אידנטום.

זיינען מיר גרייט? — פון מאַטעריעלן שטאַנדפּונקט זייער שלעכט. פון די 49 כלים וואָס מיר האָבן דערהאַלטן[3] זיינען בלויז 36 געברויכבאַר — און דאָס צוליב מאַנגל אין אַמוניציע. אונדזער באַוואָפענונגס־לאַגע האָט זיך פאַר־ערגערט נאָך די פילע קאַמף־אָפּעראַציעס וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין די לעצטע וואָכן און ביי וועלכע מיר האָבן פאַרנוצט אַ סך אַמוניציע. איצט האָבן מיר נישט מער ווי 10 קוילן פאַר יעדן כלי. דאָס איז ממש אַ קאַטאַסטראָפאַלער צושטאַנד.

איך בעט אייך אין אונדזער נאָמען איבערצוגעבן די מאַכט־אָרגאַנען, אַז אויב מיר וועלן גלייך נישט דערהאַלטן באַדייטנדע הילף, וועלן מיר זען אין דעם אַ באַציאונג פון גלייכגילטיקייט מצד דער רעגירונגס־פאָרשטייערשאַפט און די מאַכט־אָרגאַנען צו דעם גורל פון וואַרשעווער אידנטום.

דאָס צושיקן וואָפן אָן אַמוניציע שאַפט דעם איינדרוק פון צינישער באַ־ציאונג צו אונדזער גורל און באַשטעטיקט די השערה אַז די גיפט פון אַנטיסע־מיטיזם הערשט ווייטער אין די קרייזן פון די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען, טראָץ דער אַכזריותדיקער און טראַגישער דערפאַרונג פון די לעצטע דריי יאָר.

מיר וועלן זיך נישט באַמיען צו איבערצייגן אימיצן וועגן אונדזער פעאי־

1. קיין פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי.
2. די אַרבעטער אין די בערשטער־פאַבריקן האָבן זיך אַנטזאָגט פרייוויליק אַרויס־צוגיין.
3. נאָך דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד האָט די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע דערהאַלטן פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" (פוילישע נאַציאָנאַלע אונטערגרונט אַרמיי) 49 רעוואָלווערן.

קייט און גרייטקייט צו קעמפן. אָנהויבנדיק פון דעם 18טן יאַנואַר געפינט זיך דאָס וואַרשעווער אידנטום אין אַ שטענדיקן מלחמה־צושטאַנד קעגן דעם אָקופּאַנט און זיינע משרתים. ווער עס לייקנט דאָס אָדער צווייפלט אין דעם, איז נישט מער ווי אַ בייזוויליקער אַנטיסעמיט.

מיר האָבן דערוואַרט אַז די מאַכט־אָרגאַנען און די פאָרשטייער פון דער רעגירונג זאָלן נישט נאָר אַרויסווייזן „פאַרשטענדעניש" פאַר אונדזערע ענינים, נאָר זאָלן זען אין דעם מאָרד פון מיליאָנען אידן, פוילישע בירגער, אַ גרונט־פּראָבלעם פון אַקטועלן לעבן.

מיר באַדויערן וואָס מיר האָבן נישט די מעגלעכקייט צו קומען אין דירעקטן קאָנטאַקט מיט די אַליאירטע רעגירונגען, מיט דער פוילישער רעגירונג און די אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד, כדי איבערצוגעבן זיי אינפאָרמאַציע וועגן אונדזער לאַגע און וועגן דער באַציאונג צו אונדז פון די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען און פון דער באַפעלקערונג.

ליבע הערן! איך בעט אייך גלייך צו אינטערווענירן ביי די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען און ביי די פאָרשטייער פון דער רעגירונג. איך בעט אייך פאַרצולייענען פאַר זיי דעם דאָזיקן בריוו און ענערגיש פאָדערן פון זיי צו באַזאָרגן אונדז מיט ווייניקסטנס 100 גראַנאַטן, 50 רעוואָלווערן, 10 ביקסן און עטלעכע טויזנט קוילן פון פאַרשידענעם קאַליבער.

איך בין גרייט אין פאַרלויף פון צוויי טעג צוצושטעלן די פּלענער פון אונדזערע פּאָזיציעס און די מאַפּעס, כדי אַוועקצונעמען יעדן ספק וועגן דער נויטווענדיקייט צו באַזאָרגן אונדז מיט וואָפן.

מלאכי,[4] קאָמאַנדיר
אידישע קאַמף אָרגאַניזאַציע

פּ. ס.

אין איצטיקן מאָמענט איז די לאַגע זייער געשפּאַנט. אונדזערע אַ קאַמף־גרופּע האָט אַטאַקירט היינט אינדערפרי צוויי דייטשן פון דער ווערקשטאַט[5] וואָס האָבן אין די לעצטע טעג געטריבן די אידישע באַפעלקערונג, געשאָסן און אָנגעוואָרפן אויף איר אַ פּחד. איינער פון זיי איז אַנטלאָפן און געהרגעט געוואָרן און דער צווייטער איז אַנטלויפנדיק דערשאָסן געוואָרן. מענטשן פון דער ס. א. און אַגענטן האָבן זיך אַריינגעמישט. איינער פון די ס.א. איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. מיר האָבן ניט געליטן קיין פאַרלוסטן. די גאַסן זיינען פּוסט געוואָרן. אין שפּאַנונג וואַרטן מיר אָפּ וואָס עס וועט ווייטער געשען.

---

4. פּסעוודאָנים פון מרדכי אַניעלעוויטש (פון פוילישן וואָרט „אַניאָל").

5. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מענטשן פון ווערקשטאַט אויף דער מילא גאַס וואָס האָבן געהיט די הייזער אין וועלכע עס האָבן געוואוינט אַרבעטער פון די „אורסוס" פאַבריקן.

# די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע און דער פּוילישער אונטערגרונט



יצחק צוקערמאַן (אַנטעק)

דעם פאַלגנדן מעמאָראַנדום האָט יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), דער קאָמאַנ־דיר פון דער אידישער קאַמף אָרגאַני־זאַציע, איבערגעשיקט אין נאָוועמבער 1943, אַ האַלב יאָר נאָך דעם אויפ־אין וואַרשעווער געטאָ, צו גענעראַל קאַמאַראָווסקי (באָר), קאָמאַנדיר פון דער פּוילישער אונטערגרונט אַרמיי, וועלכע איז באַקאַנט געווען אַלס די „אַרמיא קראַיאָוואַ". די דאָזיקע אונ־טערגרונט אַרמיי האָט געקראָגן אירע באַפעלן פון דער פּוילישער גלות־רע־גירונג אין לאָנדאָן.

דער מעמאָראַנדום איז געשריבן געוואָרן מיט אַ שרייב־מאַשין אויף דריי זייטלעך פּאַפּיר און איז איבערגעשיקט געוואָרן צו גענעראַל באָר דורך דעם רעדאַקטאָר פון צענטראַלן וועכנטלעכן אינפאָרמאַציע ביולע־טין פון דער „אַרמיא קראַיאָוואַ", וועלכער איז געווען פריינטלעך צו די אידישע קעמפער. אַ פאָרשטייער פון גענעראַל באָר האָט בעל־פה גע־בראַכט דעם פאַלגנדיקן ענטפער אויף דעם מעמאָראַנדום, וועלכער איז אויפן אָרט פאַרצייכנט געוואָרן אין זיין אָנוועזנהייט: „אינפאָרמיר אַנ־טעקן, דעם קאָמאַנדיר פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע: זיי (מיי־נענדיק די אידן) זיינען ווי אַ מענטש וואָס טרענקט זיך, בעת מיר (מיי־נענדיק דעם פּוילישן אונטערגרונט) זיינען ווי מענטשן וואָס שטייען אויפן ברעג און קענען ניט שווימען. טראָץ דעם, אָבער, וועלן מיר טאָן וואָס מיר וועלן נאָר קענען צו געבן דיי מאַקסימום הילף. אַ שריפטלעכער ענטפער וועט נאָכפאָלגן". פון באָר'ס פריינט האָט מען זיך שפּעטער

דערוואוסט, אַז דער מעמאָראַנדום האָט זייער אויפגערעגט דעם גענע־ראַל. אַ שריפטלעכער ענטפער איז קיינמאָל ניט דערהאַלטן געוואָרן, אַזוי אַז דאָס איז פאַקטיש געווען דער לעצטער פאַרזוך צו באַוועגן די מיט וואָפן אין הענט צו העלפן די נאָך לעבנגעבליבענע אידן אין זייער פאַרצווייפלטן גערּאַנגל.

דער פאָלגנדיקער דאָקומענט איז איבערזעצט געוואָרן פון אַן אָרי־גינעלער קאָפּיע פון דעם פוילישן מעמאָראַנדום, וועלכע איז בשעתו איבערגעשיקט געוואָרן צו דר. א. בערמאַן, אַ מיטגליד פון אידישן נאַ־ציאָנאַלן קאָמיטעט אויף דער אַרישער זייט.

**צום קאָמענדאַנט פון די באַוואָפנטע כוחות אין לאַנד!**

**אַ יאָר איז שוין אַריבער זינט די פאָרשטייער פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָבן איינגעשטעלט קאָנטאַקט מיט דער K.S.Z.** [1] **פירערשאַפט פון די באַוואָפנטע אונטערגרונט כוחות אין לאַנד וועגן הילף פאַר דעם וואַרשעווער געטאָ און די איבעריקע געטאָס און לאַגערן אין לאַנד. צו יענער צייט האָבן מיר מיט דעם ספּעציעלן פאָרשטייער פון K.S.Z. פאַר אי־דישע ענינים באַרירט אַלע פראַגן וואָס האָבן צו טאָן מיט דער פאַרטיידיקונג פון געטאָס און לאַגערן, דהיינו:**

**מיליטערישע הילף אין פאַל פון דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער אידנטום;**

**געווער פאַר דעם וואַרשעווער געטאָ און די געטאָס אין דער פּראָווינץ;**

**די פראַגע פון גרינדן פאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען פון די לעבנ־געבליבענע מיטגלידער פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע נאָך די קאַמפן אין די געטאָס;**

**הילף אין ברענגען ניט־אָרגאַניזירטע אידישע פאַרטיזאַנער־גרופן אונטער דעם באַפעל פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע.**

**אין אָנבליק פון די לעצטע אויסראָטונג־אַקציעס, דערלויבן מיר זיך צו מאַכן אַ קורצן סך־הכל פון אונדזער צוזאַמענאַרבעט אין פאַרלויף פון דעם יאָר און אירע רעזולטאַטן.**

**1. אויף אונדזער ווענדונג נאָך וואָפן אין נאָוועמבער 1942 האָבן מיר אין דעצעמבער פון דעם זעלבן יאָר דערהאַלטן 10 רעוואָלווערן. אויף אונדזערע באַנייטע ווענדונגען אין יאַנואַר 1943 — האָבן מיר דערהאַלטן 49 רעוואָלווערן, 50 גראַנאַטן און אויפרייס־מאַטעריאַל פאַר וועלכע מיר דאַנקען אייך נאָכאַמאָל.**
**2. בשעת דער לעצטער אויסראָטונג־אַקציע אין וואַרשע (אין אַפּריל 1943—רעד.) האָבן מיר עטלעכע מאָל געפאָדערט אַ באַגעגעניש מיט דעם ספּעציעלן פאָר־שטייער פון K.S.Z. וועגן דורכפירן דעם לאַנג צוגעזאָגטן הילפס־פּלאַן פאַר**

1 **K.S.Z.** (די ראשי תיבות פון „קאמענדא סיל זבראָיניך") איז געווען דער אָפיציעלער נאָמען פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" — די פוילישע נאַציאָנאַלע אונטערגרונט אַרמיי.

דעם באַלאַגערטן געטאָ. דעם 23טן אַפּריל האָב מיר דערהאַלטן דעם פאָלגנדן שריפטלעכן ענטפער אונטערגעשריבן פון הער קאַנאַר (דראַפּאַטש):

„איצט, אין דער פאַר אונדז שווערער תקופה, איז נישט קיין צייט פאַר פערזענלעכע קאָנטאַקטן. איצט דאַרף מען האַנדלען... די וואַרשעווער אַרמיי האָט צוטרוי צו די אידן און פאַר דעם גייסט פון ווידערשטאַנד וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן באַגריסט זי זיי און וויל זיי העלפן. זינט דעם 19טן אַפּריל 1943 אַזייגער 19.20 זיינען מיר טעטיק".

די טעטיקייט דערמאָנט אין דעם בריוו פון ה' קאַנאַר האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון צוזאַמענשטויסן וואָס די P.Z.P. [2] האָט דורכגעפירט אויף די פּעריפעריעס פון געטאָ.

3. נאָך די פאַרענדיקטע שלאַכטן אין געטאָ האָבן מיר זיך אומצייליקע מאָל געווענדעט צו אייך נאָך שנעלער הילף פאַר די לעבנגעבליבענע קעמפער. מיר האָבן געבעטן איר זאָלט אונדז שיקן קאַנאַליזאַציע־אַרבעטער וואָס זאָלן זיי אַרויספירן דורך די קאַנאַלן פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט און אויטאָמאָבילן, וואָס זאָלן זיי אַרויספירן אויסער דער שטאָט (דירות וואָס מיר האָבן געבעטן אין וואַרשע האָט מען אונדז אויפן אָרט אָפּגעזאָגט). מיט ווייטאָג שטעלן מיר פעסט, אַז די אַקציע אַרויסצוראַטעווען קעמפער פון געטאָ האָבן מיר אַליין געפירט מיט אונדזערע מאָגערע כוחות, אַרויספירנדיק קוים 70 מענטשן. 90 פּראָצענט פון די קעמפער און קאָמאַנדירן פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע זיינען אומגעקומען אין געטאָ פון גיפטיקע גאַזן.

4. אין פאַרלויף פון מאַי ביז סעפּטעמבער האָבן מיר אייך אָן אויפהער אַלאַרמירט וועגן דער ליקווידאַציע פון אידישע ישובים אין זאַגלעמביע (בענדין, סאָסנאָוויעץ). מיר האָבן געבעטן קאָנטאַקטן מיט די אָפּטיילונגען פון אייערע באַוואָפנטע כוחות אין זאַגלעמביע און מיר האָבן געבעטן וואָפן פאַר דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע. קיין שום קאָנטאַקטן אָדער וואָפן האָבן מיר ניט דערהאַלטן. זאַגלעמביע האָט זיך אין די ליקווידאַציע טעג פאַרטיידיקט קוים מיט 9 רעוואָלווערן וואָס זיי האָבן דערהאַלטן פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע.

אונדזערע אומאויפהערלעכע אינטערווענצן וועגן וואָפן פאַר טשענסטאָכאָוו זיינען ניט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. טשענסטאָכאָוו האָט זיך פאַרטיידיקט מיט קוים 14 רעוואָלווערן, וואָס זיי האָבן דערהאַלטן פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע.

6. ווען אַ טייל פון דער טשענסטאָכאָווער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע איז נאָך די קאַמפן אַנטלאָפן אין די וועלדער און האָט זיך אין דער געגנט פון קאָניעצפּאָל אָרגאַניזירט אין אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע, האָבן מיר זיך געווענדעט צו די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען וועגן איינשטעלן מיט זיי אַ קאָנטאַקט. די אויבנדערמאָנטע פּאַרטיזאַנער גרופּע איז פינאַנציעל אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע און געקעמפט האָט זי אויסשליסלעך קעגן אָקופּאַנט. די אַרטיקע באַפעלקערונג איז צו איר געווען פריינטלעך און

2 איינער פון די פּסעוודאָנימען פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ".

האָט איר געהאָלפן. דער קאָנטאַקט איז לײדער ניט אײנגעשטעלט געװאָרן. מיט אַ חודש צוריק איז אונדזער פּאַרטיזאַנער גרופּע אַרומגערינגלט געװאָרן דורך אַ פּױלישער פּאַרטיזאַנער גרופּע, װאָס האָט אױסגעהרגעט אַלע אירע מיטגלידער. אגב, װילן מיר דאָ באַמערקן, אַז די זעלבע פּױלישע גרופּע איז באַפאַלן אַ צאָל פּױלישע הײזער װאו אידן האָבן זיך אױסבאַהאַלטן, האָט צעשלאָגן די פּױערים און אױסגעהרגעט די אידן. די אָרגאַניזאַציאָנעלע צוגעהעריקײט פון דער פּױלישער גרופּע האָבן מיר ניט באַװיזן פעסטצושטעלן.

7. עטלעכע מאָל האָבן מיר זיך געװענדעט נאָך הילף פאַר דעם ביאַליסטאָקער געטאָ. אַן ענלעכער בריװ איז בשעתו צוגעשיקט געװאָרן פון קאָמענדאַנט פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק (טאמאראף). ביז דעם הײנטיקן טאָג װײסן מיר נישט, צי ביאַליסטאָק האָט דערהאַלטן װעלכע עס איז הילף און אין װעלכן פאַרנעם.

8.פון די לעבנגעבליבענע קעמפער פון װאַרשעװער געטאָ האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנער אָפּטײלונג אין דער װישקאָװער געגנט. אין אײנקלאַנג מיט די אָנװײזונגען פון קאָמענדאַנט פון די פּױלישע באַװאָפנטע כוחות אין לאַנד (43—405), פון 4טן מאַי 1943 צו דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע האָט אונדזער גרופּע אָנגעהױבן אַריבערצוגײן אין װאַלין. אונטערװעגס האָט זי זיך געטראָפן מיט אַ גרופּע פון דער K.S.Z. און האָט זיך פאַראײניקט מיט איר כדי פאַרצוזעצן איר װעג. מיר האָבן װעגן דעם גלײך אינפאָרמירט די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען און געבעטן אײנצושטעלן מיט זײ אַ פאַרבינדונג. דער ענטפער פון די מאַכט־אָרגאַנען אַז אונדזער גרופּע האָט זיך כלומרשט אָנגעשלאָסן אין אַן אָפּטײלונג פון דער פּ.פּ.ר.[3] האָט אונדז דערשטױנט. מיר האָבן אַרױסגעשיקט אַ ספּעציעלן פאַרבינדונגס־מענטש אין װאַלד, װעלכער האָט צוריקגעבראַכט קאָנקרעטע ידיעות װעגן דער פּױלישער פּאַרטיזאַנער אָפּטײלונג צו װעלכער אונדזער אָפּטײלונג האָט זיך אָנגעשלאָסן. די דאָזיקע ידיעות האָבן באַשטעטיקט אונדזערע פריערדיקע באַהױפּטונגען, אַז דאָס איז געװען אַן אָפּטײלונג פון דער K.S.Z. דעם באַריכט פון דעם פאַרבינדונגס־מענטש האָבן מיר איבערגעשיקט צו די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען. פון דעמאָלט אָן זײנען שױן אַריבער 10 װאָכן און קײן ענטפער האָבן מיר נישט דערהאַלטן. מיר זײנען שטאַרק באַאומרואיקט איבער דעם גורל פון אונדזער גרופּע.

9. היות װי די אידישע פּאַרטיזאַנער גרופּן אונטער דעם באַפעל פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע, װי אױך די ניט־אָרגאַניזירטע גרופּן, זײנען געװאָרן אַ פאַקט װאָס דאָס לעבן אַלײן האָט אַרױסגערוקט; און היות װי מיר האָבן נישט געקענט געפינען קײן בעסערן אױסװעג פאַר דעם אידישן פּאַרטיזאַנער, הגם מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ גענױעם דין וחשבון װעגן דעם שמאָלן װעג פון דער אידישער פּאַרטיזאַנקע, האָבן מיר זיך געװענדעט צו די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען זײ זאָלן נישט נאָר אָנערקענען די אידישע פּאַרטיזאַנקע, נאָר זאָלן איר אױך העלפן:

3 לינקע, פּראָ־סאָװעטישע גרופּע אין פּױלישן אונטערגרונט.

א) אָרגאַניזירן אידישע פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען פון דער יוגנט וואָס האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די ליקווידירטע געטאָס;

ב) איינשטעלן קאָנטאַקטן מיט די אַזוי־גערופענע „ווילדע" גרופּן כדי זיי צו פאַרבינדן מאָראַליש און פינאַנציעל מיט דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע זיי זאָלן ניט זיין געצוואונגען צו רויבן;

ג) צו נעמען די עקזיסטירנדיקע פּאַרטיזאַנער גרופּן פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע אונטער דער קאָמאַנדע פון K.S.Z.

אויף די אויבנציטירטע פּאָדערונגען האָבן מיר באַקומען אַן ענטפער, וואָס קריוודעט אונדז אין זיין תוך און באַליידיקט דורך זיין אַרגומענטאַציע אונדזער מענטשלעכן און נאַציאָנאַלן כבוד. דער ענטפער איז געווען: „די דורכפירונג פון דעם באַפעל פון דער הויפּט־קאָמענדאַטור פון 4טן מאַי 1943 און פון שפּעטערדיקע באַפעלן האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אומאיבערווינדבאַרע שוועריקייטן. די אַלגעמיינע שטימונג לגבי די באַוואָפנטע אידן איז אַזאַ פיינט־לעכע, אַז מיר קענען נישט אונטער קאָנספּיראַטיווע אומשטענדן און ביי באַ־גרענעצטע אָפּעראַטיווע מעגלעכקייטן, נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער זיכערקייט פון אידישע אָפּטיילונגען אויף דעם געביט. עס ווירקט דאָ דער אַנטאַגאָניזם, וואָס דרינגט אַרויס פון דער אויפפירונג פון אידן אונ־טער דער סאָוועטישער אָקופּאַציע ווי אויך פון דער איצטיקער אויפפירונג פון די באַוואָפנטע אידישע אָפּטיילונגען וואָס דערצאָרענען די אָרטיקע באַ־פעלקערונג דורך זייערע רויבערייען און גרוילטאַטן. אויסער דעם ווירקט דער פולער פּראָפּאַגאַנדיסטישער און פּאָליציייאישער דרוק פון דעם אָקופּאַנט". מיר האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם עצם באַשלוס און זיין מאָטיווירונג. מיר האָבן דערקלערט, אַז אויב עס האַנדלט זיך וועגן דער זיכערקייט פון די אידישע פּאַרטיזאַנער גרופּן, נעמט דאָס אויף זיך די אידישע קאַמף אָרגאַניזאַציע און די גרופּן גופא.

אַזוי ווי דער ענטפער האָט אַנטהאַלטן אַ פּאָזיטיוון טייל, וועלכער האָט געזאָגט: „ס'איז נישטאָ קיין אידישע פּאַרטיזאַנקע, אָבער ס'איז יאָ פאַראַן א) אַ נויטווענדיקייט צו באַוואָפנען אידישע קאָנצענטראַציעס און זיי צו באַ־שיצן; ב) אויפצוהאַלטן באַוואָפנטע אידישע אָפּטיילונגען אין אַ גרייטן צו־שטאַנד: 1) פאַר דער באַשיצונג פון די אידישע קאָנצענטראַציעס; 2) פאַר ספּעציעלע אָפּעראַציעס לויט די באַפעלן פון דער הויפּט־קאָמענדאַטור, האָבן מיר זיך געווענדט נאָך הילף פאַר די לאַגערן אין פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי[4].

10. מיר האָבן געפאָדערט וואָפן פאַר פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי. ווען מען האָט אונדז אָפּגעזאָגט, האָבן מיר געפאָדערט הילף אויף אַריבערצופירן וואָפן, וואָס מיר האָבן אַליין איינגעקויפט. קיין ענטפער האָבן מיר ניט דערהאַלטן. מען האָט אונדז צוגעזאָגט צו גרינדן אַן אינפאָרמאַציע און פאַרזאָרגונגס־פּונקט אין דער געגנט פון טראַווניקי, וועלכער האָט געדאַרפט באַהילפיק זיין דער זיך גרינדנדער באַשיצונגס־אָפּטיילונג. צוויי טעג פאַר דעם אַרויסמאַרש צו דעם אינפאָרמאַציע און פאַרזאָרגונגס־פּונקט האָט מען אונדז דערקלערט, אַז דער

---

4 לאַגערן אין דער געגנט פון לובלין וואו די לעצטע אידן פון ווארשעווער געטאָ זיינען אַריבערגעפירט און ליקווידירט געוואָרן.

פונקט פונקציאָנירט נישט. דאָס האָט אַרונטערגעריסן די אויטאָריטעט פון דער פירערשאַפט פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע. עס האָט שוין ווייניק געהאָלפן דער פאַקט, וואָס אין צוויי וואָכן אַרום האָט דער פונקט ווידער אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן. אינצווישן זיינען די אומשטענדן אין לאַגער אַ סך ערגער געוואָרן און דעם 3טן נאָוועמבער 1943 זיינען די לאַגערן (אין טראַווניקי און פּאָניאַטאָוו) ליקווידירט געוואָרן.

11. לויט דעם באַשלוס פון די קאָמפּעטענטע אויטאָריטעטן, איז מיט דריי חדשים צוריק געגרינדעט געוואָרן אַ אידישע קאַמפּס־אָפּטיילונג. שוין 10 וואָכן צייט, אַז דער קאָמענדאַנט פון דער אָפּטיילונג האָט נישט קיין פאַרבינדונג מיט דעם אינסטרוקטאָר, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן דורך די פּוילישע מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען. אומצייליקע מאָל האָבן מיר אינטערוועניִרט אין דער פראַגע, אָבער אָן רעזולטאַטן. די אָפּטיילונג האַלט זיך אין צעפאַלן.

אין פאַרלויף פון אונדזער צוזאַמענאַרבעט זיינען איבער צוויי און האַלב מיליאָן אידן אומגעקומען אויפן פּוילישן באָדן. מיר ווייסן, אַז נישט די פאָרשטייער פון דער גלות־רעגירונג און נישט די פּוילישע באַוואָפנטע כוחות זיינען בכוח געווען צו פאַרהיטן אונדז פאַר דעם דאָזיקן גורל. דאָס האָבן מיר



די פּוילישע באַפעלקערונג קוקט זיך צו פון דער אַרישער זייט ווי דאָס געטאָ גייט אויף אין פלאַמען

נישט געפאָדערט. מיר האָבן נאָר געפאָדערט הילף, כדי צו קענען שטאַרבן מיט כבוד. די הילף וואָס מיר האָבן באַקומען פון די פוילישע באַוואָפנטע כוחות איז לײדער געװען אַ זײער באַגרענעצטע, אױף װאָס די אױבנגעבראַכטע פאַקטן זאָגן עדות. הײנט, װען דער שונא מאָרדװעט אױס די רעשטלעך פון פױלישן אידנטום — אַלאַרמירן אונדז די נאָך איבערגעבליבענע ישובים און לאַגערן און בעטן װאָפן און די מעגלעכקײט צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ פּאַר־טיזאַנקע.

הער קאָמענדאַנט! אין די לעצטע שעה׳ן פון די לעצטע פוילישע אידן װענדן מיר זיך צו אײך אין נאָמען פון די נאָך לעבנגעבליבענע 150 טויזנט אידן: העלפט אונדז שטאַרבן אין קאַמף מיטן שונא. מיר דאַרפן האָבן װאָפן פאַר די לאַגערן אין טשענסטאָכאָװ און פּיאָטרקואָװ, פאַר די רעשטלעך אין ראַדאָם, אין דער קעלצער געגנט און פאַר די לאַגערן אין דער קראָקאָװער געגנט. מיט אונדזערע אײגענע כוחות זײנען מיר נישט אימשטאַנד אָנצובינדן געהעריקע קאָנטאַקטן מיטן לאָדזשער געטאָ. העלפט אונדז אַריבערפירן װאָפן און צו אָרגאַניזירן אַ אידישע פּאַרטיזאַנקע. גיט אונדז אַ מעגלעכקײט צו אָר־גאַניזירן מיט געמײנזאַמע כוחות אַ באַװאָפנטן װידערשטאַנד אין די פּונקטן װאו אידן זײנען נאָך קאָנצענטרירט און װילן זיך פאַרטײדיקן.

די צײט איז קורץ. אין עטלעכע װאָכן אַרום קען שױן זײן צו שפּעט. אונדזער גאַנצע מי און צוזאַמענאַרבעט קען װערן נוצלאָז.

פאַר דער קאָמענדע פון דער אידישער קאַמף אָרגאַניזאַציע

**דער קאָמענדאַנט (אַנטעק)**

**װאַרשע, דעם 26טן נאָװעמבער** 1943



# טאָגביכער פון קעמפער

## באַריכט פון שלום גראַיעק

וועגן די קאַמפן אינעם געביט פון די טעבענס און שולץ־וואַרשטאַטן

דער שרייבער פונעם טאָגבוך — איינער פון די יונגע אַקטיווע טוער פון פועלי ציון (צ.ס.) אין פוילן פאַר דער מלחמה. פריער אַ באַשיידענער און טרייער חבר האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אין מלחמה־צייט אַלס איינער פון די וויכטיקע כוחות אינעם אונטערערד — אַלס פּראַקטישער טוער אויפן געביט פון סאָציאַלער הילף, פּאַרטיי־סעקרעטאַר און אויך טעטיק אין אידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט. פון די מוטיקע קעמפער אין דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד האָט ער פאַר־געזעצט אויף דער אַרישער זייט זיין טעטיקייט אין דער באַוועגונג, נאָך דער אונטערדריקונג פונעם וואַרשעווער אויפשטאַנד — אויגוסט־סעפּ־טעמבער 1944 — איז ער אַוועק אין קיעלצער געגנט און דאָרטן, צוזאַ־מען מיט יוסף סאַק, ווייטער געפירט אונטערערדישע אַרבעט. ער איז געראַטעוועט.

די גאַנצע נאַכט פון 19טן אַפּריל (1943) האָט געהערשט גרויסע אומרואיקייט. מענטשן האָבן נישט געשלאָפן: אויטאָס זיינען געפאָרן, מיליטער האָט מאַרשירט. עס האָבן זיך געהערט כסדרדיקע אָפּקלאַנגען פון שיסעריי, וואָס באַדייט דאָס? נישט שוין־זשע האַלט מען ווידער ערב אַן אַרויסשיקונגס־אַקציע? דאָס קען דאָך נישט זיין מעגלעך. מען האָט דאָך אָקאָרשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק אָנגעהויבן אַ נייע ווערבירונג פון פּאַכלייט. ערשט פריער מיט דריי טעג האָבן זיך דאָך באַוויזן פּלאַקאַטן, אַז מען הערט־אויף אַרויסצושיקן אין די אַרבעטס־לאַגערן; זיי האָבן דאָך אויפגעפּאָדערט טיכטיק צו אַרבעטן, ווייל די באַשטעלונגען פון דער באַוואָפענונגס־קאָמאַנדע זיינען זייער דרינגענד.

באַגינען האָט די גאַס געהאַט אַ מוראדיקן אויסזען. די געטאָ־מויערן זיינען אַרומגעשטעלט מיט זשאַנדאַרמעריע, די געטאָ־פּאַטרולן האָבן באַקומען אַ פאַר־שטאַרקונג פון ס.ס. מענער. פון געטאָ לאָזט מען קיינעם נישט אַרויס. אַלע דורכגאַנג־דערלויבענישן זיינען בטל געוואָרן. מענטשן לויפן אַרום איבער די גאַסן ווי מטורפים. איך פּרואוו פאַרבינדן זיך טעלעפאָניש מיטן צענטראַלן געטאָ — דער טעלעפאָן פונקציאָנירט נישט. אויסער דעם מיט־זשאַנדאַרמען אַרומגע־רינגלטן געטאָ און צום־שיסן־גרייטע ביקסן, זעט מען גאָרנישט. פון דערווייטנס דערטראָגן זיך צו אונדז עכאָס פון שיסערייען און אויפרייסן. עס קומט פאָר די אַרויסשיקונגס־אַקציע אין צענטראַלן געטאָ. אין אונדזער געביט באַוויזן זיך

די דייטשע שאָפּ־לייטערס, אונדזערע „ברויטגעבערס״, — זיי פאַרזיכערן אונדז, אַז די אַקציע האָט נישט קיין שייכות צו די „פּראָדוקטיווע״ עלעמענטן און זי איז געווענדט נאָר קעגן די „ווילדע״ אין געטאָ. אָבער קיינער באַציט זיך נישט ערנסט צו די דאָזיקע רייד. אונדזער ערשטע אויפגאַבע איז: מאָביליזירן די קאַמף־גרופּעס און פאַרנעמען אָפּעריר־פּאָזיציעס. די קאַמף־גרופּע אין אונדזער וואַר־שטאַט, — לעשנע 76, — אונטער דער קאָמאַנדירונג פון אליעזר געלער פאַרנעמט איר פּאָזיציע ביי די פּראַנט־פענסטער פון דריטן שטאָק. דורכן בוידעם האָבן מיר אַ פאַרבינדונג מיט דער גרופּע פון דודן (נאָוואָדוואָרסקי) אויף נאַוואָליפּיע 67 און מיט דער גרופּע פון העניעק (הענריק, הערשל קאַווע) אויף לעשנע 74 (די טעבענס־וואַרשטאַטן). לילית איז די פאַרבינדלערין צווישן די גרופּעס. פון אונד־זער פּאָזיציע זעט מען גענוי די באַוועגונג פונעם מיליטער, וואָס מאַרשירט דורך זשעלאַזנע גאַס צום צענטראַלן געטאָ. שוואַרץ, דער פאַרבינדלער פונעם געביט־קאָמענדאַנט, באַקומט אָנווייזונגען פאַר אַלע איבעריקע גרופּעס: פאַר דער גרופּע אונטער דער קאָמאַנדירונג פון שלמהן (ווינאַגראַן) — נאַוואָליפּקי 41, שילינג־געביט; פאַר דער גרופּע פון ראָזאָווסקי (וועלוול) — סמאָטשע 6—8, רעריך־געביט; פאַר בנימינס (וואָלד) גרופּע — לעשנע 36, טעבענס־געביט; פאַר מאיראָוויטשעס (מאַרעק) גרופּע — נאַוואָליפּיע 31, שולץ־געביט; און פאַר יולעקס גרופּע, — נאַוואָליפּיע 66, שולץ־געביט. נאָך אַ קורצער צייט קומט שוואַרץ צוריק מיט אַ מעלדונג, אַז ער האָט אויסגעפירט דעם באַפעל, און אַז ער האָט מיטגעבראַכט עטלעכע פּראַגעס פון די גרופּע־קאָמענדאַנטן. איינע פון די פּראַגעס איז וועגן צוויי מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין אונדזער אַרעסט, ווערנדיק באַשולדיקט אין מיטאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ. קיין טויט־אורטייל איז נאָך נישטאָ אויף זיי. צוליב דער פאַרשאַרפטער סיטואַציע באַפעלט דער געביט־קאָמענדאַנט צו דערשיסן זיי טאַקע באַלד. נאָך אַ האַלבער שעה קומט צוריק שוואַרץ מיט אַ מעלדונג: דער באַפעל איז אויסגעפירט.

אַרום 12 אַזייגער מיטאָגצייט דערגייען צו אונדז די ערשטע ידיעות פונעם שלאַכטפעלד אין צענטראַלן געטאָ. די ידיעות שטאַמען פון אַ דייטשער קוועלע. דער שאָפּ־אייגנטימער ק. ג. שולץ דערציילט, אַז די אידן פירן זיך נישט אויף ווי געהעריק. די פון געטאָ־צוריקגעקומענע זשאַנדאַרמען האָבן אים דערציילט, אַז זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקן אידישן ווידערשטאַנד און זיי האָבן אַ פאַרלוסט פון אַ צוויי הונדערט קרבנות. פאַרנאַכטלעך, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרלאָזט דעם צענטראַלן געטאָ, האָבן מיר איינגעשטעלט אַ טעלעפאָנישן קאָנטאַקט מיט אונדזערע גרופּעס, וועלכע געפינען זיך דאָרטן. מיר האָבן זיך דערוואוסט וועגן זייערע גרויסע נצחונות אין די ערשטע קאַמפן. אויפצומאַרגנס באַגינען האָט דער געביט־קאָמענדאַנט געגעבן אַ באַפעל אָנצוהויבן דעם קאַמף. דאָס איז געווען אַ סאָלידאַריטעט־אַקציע מיט די קעמפנדיקע גרופּעס אין צענט־ראַלן געטאָ. אַרום 10 אַזייגער האָבן מיר אָנגעהויבן דעם ערשטן אָנגריף. עס האָט דאַן פאַרביימאַרשירט אויף לעשנע־גאַס אַ זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג אויפן וועג צום געטאָ. ווען זיי האָבן זיך דערנעענטערט צום וואַך־פּאָסטן ביים גאַסן־ווינקל לעשנע־זשעלאַזנע, האָט אויף זיי אַ פייער געטאָן די גרופּע, וועלכע האָט זיך גע־פונען אינעם הויז אויף לעשנע 94. גוט־געשליידערטע צוויי שווערע באָמבעס האָבן צעקלאַפּט די אָפּטיילונג. די דייטשן זיינען אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק אויפן גאַסן־ברוק איבער אַ צענדליק געהרגעטע. די גרופּע פון נאַוואָליפּיע 67 האָט

נאָך מיט עטלעכע וואָכן פאַר דער אַקציע פאַרלייגט אַ מינע אונטערן וואַך־פּאָסטן וואָס לעבן סמאָטשע־גאַס. ווען די דייטשע אָפּטיילונג איז איצטער אָנגעקומען אַהין, האָבן די קעמפער איינגעשאַלטעט דעם עלעקטרישן קאָנטאַקט, ווי גרויס איז אָבער געווען זייער פאַרצווייפלונג דערזעענדיק, אַז די מינע האָט נישט אויפגעריסן. די בחורים האָבן געקריצט מיט די ציין, די מיידלעך האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן. וואָס האָט מען געקענט מאַכן, די באַטעריעס זיינען געווען גרייט אָבער קיין עלעקטרישער שטראָם איז נישט געווען. אין גרויס צאָרן האָט די גרופּע אַ וואָרף געטאָן באָמבעס. דער רעזולטאַט איז געווען אַן אומדער־וואַרטענער: צוויי באָמבעס — דרייסיק דייטשע הרוגים. ווען די דייטשן האָבן דערזען, אַז אויף דער אַרישער זייט, אין די נייטראַלע געביטן, דראָט זיי אויך אַ סכנה מצד דעם „פּראָדוקטיוון געטאָ” — האָבן זיי אָנגעהויבן טראַנספּאָרטירן דאָס מיליטער מיט אויטאָס.

אַרום פיר אַזייגער ווערט אויפגעקלערט די לאַגע פון די אידן אין די שאָפּ־געביטן. די וואַרשטאַטן־אייגנטימער האָבן אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף אין וועלכן זיי זאָגן־אָן, אַז כדי צו דערמעגלעכן אַ רואיקע און אומגעשטערטע אַרבעט פאַר דער דייטשער אינדוסטריע וועלן די אידישע אַרבעטער אַריבערגעפירט ווערן אין די אַרבעטס־לאַגערן אין טראַווניקי און אין פּאָניאַטאָווא. נאָכדעם ווי עס האָט זיך באַוויזן דער אויפרוף איז מעגלעך געוואָרן אַ פאַרהעלטענישמעסיק־פרייערע באַוועגונג אין די גאַסן, כדי צוצוגרייטן זיך צום אָפּפאָר. די געביט־קאָמענדאַנטור האָט דאָס אויסגענוצט און אַדורכקאָנטראָלירט אַלע גרופּעס. פאַר־נאַכט האָבן זיך באַוויזן אין אונדזער געביט דייטשן און לעטן, וועלכע זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן צו איינעם ביי יעדן טויער, כדי אַכטונג צו געבן, אַז דער מאָרגנדיקער טראַנספּאָרט זאָל אַדורכגעפירט ווערן מיט דערפאָלג. היות ווי מיר האָבן געהאַט ווייניק ביקסן זיינען עטלעכע קאַמף־גרופּעס אַרויס צוצונעמען געווער ביי לעטן. די אָנפאַלן זיינען געלונגען. מיר האָבן דעראָבערט 5 ביקסן. די דייטשן און לעטן האָבן נישט רעאַגירט דערויף, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט פּראָוואָצירן קיין גרעסערע קאַמפן. מיטוואָך (דעם 21טן אַפּריל) 6 אַזייגער אינדערפרי האָבן די קאַמף־גרופּעס פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס, אָפּוואַרטנדיק דעם אָנקום פון די דייטשן. אַרום 7 אַזייגער זיינען שוין געווען פאָרמירט די רייען פון די פרייוויליק־אָפּפאָרנדיקע. אַלע אידן, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין וואַרשטאַטן־געביט, זיינען געוואָרן אומלעגאַל. די קאַמף־גרופּעס זיינען געווען אויף־דער־וואַך. נאָך אַ קורצער צייט איז אָנגעקומען די ערשטע דייטשע אָפּ־טיילונג; זי איז אַטאַקירט געוואָרן מיט גראַנאַטן. עס זיינען פאַרבליבן אויפן אָרט אַ סך געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. די דייטשן האָבן נישט געענטפערט אויף אונדזער אָנגריף. זיי האָבן דאָך געוואָלט ווייטער אַדורכפירן די פרייוויליקע ווערבירונג אין די לאַגערן.

אין דער זעלבער צייט האָבן אַנדערע קאַמף־גרופּעס אַטאַקירט קלענערע גרופּעס דייטשן און לעטן. דריי קאַמף־גרופּעס זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן ביי די גאַסן נאָוואָליפּיע־זשעלאַזנע, כדי געמיינזאַם צו אַטאַקירן די דייטשן, וועלכע וועלן גיין דורכן נייטראַלן געביט. אַרום 10 אַזייגער אינדערפרי האָט אַ גרעסערע דייטשע אָפּטיילונג מאַרשירט אין דער ריכטונג צום צענטראַלן געטאָ. זי איז אַטאַקירט געוואָרן דורך אַלע דריי גרופּעס. אונדזער פייער איז געווען אויסערגע־וויינלעך שטאַרק און ציל־טרעפנדיק. די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט אַ סך

הרוגים און פאַרוואונדעטע. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט שמעון העלער, דער בעסטער שיסער אינעם געביט. אין די שפּעטערדיקע שעהן זייַנען נאָך דערשאָסן געוואָרן איבער אַ צענדליק דייטשן פון די, וועלכע האָבן פּאַטרולירט אויפן וועג צום „אומשלאַגפּלאַץ" (אָפּשיקונגס־פּלאַץ). אָט די אַקציע אונדזערע איז געווען באַשווערט דערמיט, וואָס מיר האָבן ניִשט געקענט נוצן קיין גראַנאַטן און ניִשט קיין באָמבעס, כדי ניִשט צו שטעלן אין אַ געפאַר געפּירטע אידן, און אונדזער אַמוניציע פאַר די ביקסן און רעוואָלווערן איז געווען זייער אַ קנאַפּע.

נאָכמיטאָג האָבן די דייטשן אָנגעהויבן מאַכן בלאָקאַדעס אויף באַזונדערע הייזער, און פאַר יעדער בלאָקאַדע האָבן זיי געעפנט אַ שיסעריי אין די פענסטער אַריין. אַ קאַמף האָבן זיי אָבער ניִשט געקאָנט אויסמיידן. די קאַמף־גרופּעס, וועלכע זייַנען געווען פאַרבאַריקאַדירט אין די הייזער, האָבן אַ לענגערע צייט ניִשט צוגעלאָזט די דייטשן. די קעמפער האָבן די גאַנצע צייט זיך געפונען אונטערן פייער פון אַ שטאַרקער שיסעריי, אָבער זיי אַליין האָבן געמוזט קאַרגן יעדע קויל. ווען די דייטן האָבן זיך אַרייַנגעריסן אין עטלעכע הייזער און האָבן אָפּגעשניטן דעם צוריקוועג פאַר אַ גרופּע קעמפער, זייַנען שולמית און שמעון (העלער) אַראָפּגעשפּרונגען פון צווייטן שטאָק און זייַנען דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט. שמעון האָט פאַר דעם מקיים געווען זייַן פאַרזיכערונג, אַז ער וועט ניִשט שטאַרבן איידער ער וועט דערהרגענען פינף דייטשן, צוויי פון די קעמפער איז געלונגען אַדורכצורייסן זיך דורך דעם דייטשן קאַרדאָן, ווערנדיק שווער פאַרוואונדעט.

מיר האָבן ניִשט געקענט אויסרעכענען די דייטשע אבידות, אָבער זיי זייַנען געווען שווערע. דער קאַמף האָט געדויערט עטלעכע שעה. נאָך די לעצטע צוזאַמענשטויסן האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן אונדזער געביט. דאַן האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל אייַנצואָרדענען אונדזערע אָפּעריר־באַזעס אין די שוץ־קעלערס. די צאָל דייטשן אין אונדזער געביט איז געווען אַ קליינע. מיר האָבן געוואוסט, אַז דער שטילשטאַנד וועט לאַנג ניִשט דויערן און די דייטשן וועלן אָנהויבן אויסזוכן די אידן אין די שוץ־קעלערס, און זיי ליקווידירן. די צייט פון פאַרהעלטנישמעסיקער רו האָט די געביט־קאָמענדאַנטור אויסגענוצט אויף אָנצוקניפּן אַ פאַרבינדונג מיט די איבעריקע גרופּעס און באַזונדערס מיט דער גרופּע פון שלמה (ווינאָגראָן), וועלכע האָט אָפּערירט אינעם געביט פון שילינגס וואַרשטאָטן. די צוויי פאַרבינדלער שוואַרץ (מאיר) און לילית (פודען רבקה) זייַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין מיטן נאַכט. אין צווייטן טאָג אַרום האָבן זיי זיך אומגעקערט; אויפן וועג האָבן זיי געהאַט עטלעכע צוזאַמענשטויסן מיט דייטשן.

דריי קאַמף־גרופּעס, אונטער שלמהס אָנפירונג, האָבן פונעם ערשטן טאָג אָן, ווען די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן, אַטאַקירט די פאַרביימאַרשירנדיקע דייטשן. ווען אַ דייטשע אָפּטיילונג האָט געוואָלט אַרייַן אין שילינגס וואַרשטאַט, כדי אַרויסצופירן מיט צוואַנג די אידן, האָבן די קאַמף־גרופּעס זי אָפּגעהאַלטן, פאַרשאַפנדיק איר שווערע פאַרלוסטן. די אַ פאָר־מאָל איבערגעחזרטע דייטשע אָנגריפן זייַנען געוואָרן אָפּגעשטויסן. דערנאָך האָבן די קעמפער אונטערגעצונדן אַ גרויסן האָלץ־מאַגאַזין און דערמיט ניִשט דערמעגלעכט די דייטשן צוצוקומען צום שוץ־קעלער פון דער ציווילער באַפעלקערונג. אין די ווייטערדיקע טעג האָבן די דייטשן מורא געהאַט אַרייַנצוגיין אין די הייזער. ווי גרויס איז געווען די שמחה ביי די קעמפער, ווען זיי האָבן דורך די פענסטער געזען, ווי די ס. ס.־לייט

מוזן צוליב דעם אַדורכמאַכן שטראָף־איבונגען, לויטן באַפעל פון זייערע אָפיצערן. טאָג און נאַכט האָט געברענט דער געטאָ. דער רויך און די פלאַמען האָבן געיאָגט און געטריבן די קעמפער פון אָרט צו אָרט. זייער זעלטן איז געלונגען צו געפינען אַ פאַסיקע אָפּעריר־באַזע.

אָט אין דעם לעצטן קאַמף־פעריאָד האָבן מיר פאַרשאַפט און אויך געליטן גרויסע פאַרלוסטן. דער הונגער און די האָפענונגסלאָזיקייט האָבן אונדז געצוואונגען צו זוכן אַ וועג אַריינצוקומען אויף דער אַרישער זייט. נאָך עטלעכע־טאָגיקע שווערע באַמיאונגען איז מיר געלונגען אויסצופירן דעם באַפעל פונעם געביט־קאָמענדאַנט — אַנצוקומען אויף דער אַרישער זייט און געפינען אַ פאַרבינדונג מיט אַנטעקן (יצחק צוקערמאַן). אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר אַרויסגעפירט דורכן קאַנאַל 40 מענטשן.[1]

דער וועג דורכן קאַנאַל איז אַנטדעקט געוואָרן. די איבעריקע גרופּעס, וועלכע האָבן געפּרואווט אַדורכרייסן זיך דורכן דייטשן קאָרדאָן זיינען אַלע מוראדיק אומגעקומען אין אַן אָפענער גאַסן־שלאַכט.

אַ לענגערע צייט שפּעטער, ווען מיר האָבן זיך צוגעהערט צו עכאָס פון שיסן פונעם געטאָ, האָבן מיר געוואוסט, אַז אַרומגערינגלטע דורך דייטשן קעמפן נאָך דאָרטן אונדזערע גרופּעס.

---

1 דאָס איז געווען דעם 29טן אַפּריל. זיי זיינען אַריין אין קאַנאַל אויף לעשנע־גאַס ביי נומער 56 (פריער האָט מען אויסגעגראָבן אַ דורכגאַנג פונעם קעלער צו די קאַנאַליזאַציע־רערן) און זיינען אַרויס אויף אָגראָדאָווע ביים ווינקל זשעלאַזנע. זיי האָבן זיך געפונען אין קאַנאַל פון ניין אינדערפרי ביז אויף צו מאָרגנס פיר פאַרטאָג. אַרויסגעיינדיק פון קאַנאַל, זיינען זיי אַריין אינעם הויף אָגראָדאָווע 27 און האָבן זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם. צווישן די אַרויסגעקומענע זיינען געווען יוחנן מאָר־גענשטערן, דוד נאָוואָדוואָרסקי, אליעזר געלער, רבקה סאַפּירשטיין (יוליע), מאיר שוואַרץ, מאַניע גאַיעק (די פרוי פון שלום גראַיעק), לייזער לעווין, אַ. אַ. באַגינען איז אָנגעקומען אַן אויטאָ באַוואַכט באַוואָפנטע דורך פ.פ.ר.-חברים און אַ דרייסיק מענטשן פון די אַרויסגעקומענע זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אין וואַלד ביי לאָמיאַנקי. אַנדערע זיינען געבראַכט געוואָרן אין שוץ־קעלער אויף אָגראָדאָווע 29, בעתן דורכגיין פון קאַנאַל, איז לילית (רבקה פודען) געווען די פאַרבינדלערין (זי איז אַ טאָג פריער, צוזאַמען מיט שלום גראַיעק, דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן וועג אין די קאַנאַל־רערן, כדי צו זען אויב מען קען אַרויס) און זי האָט אַרויסגעוויזן וואונדערלעכע איבערגעגעבנקייט און העלדישן מוט זאָרגנדיק דערפאַר, אַז די חברים זאָלן נישט פאַרלירן איינער דעם אַנדערן. נאָכן אַרויסקומען פון קאַנאַל, האָט זי זיך נאָכאַמאָל אומגעקערט צוזאַמען מיט שלמה באַטשינסקי כדי אַרויסצופירן די קעמפער וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבן אין טעבענס־שולץ־געביט, זיי זיינען שוין אָבער מער נישט צו־ריקגעקומען. דוד שטיין דערמאָנט אין זיין אַרטיקל אין דער צייטונג „משמר" (19טער אַפּריל 1946) אַז צווישן די צוריקגייענדיקע מיט לילית, איז געווען אברהם האָראָוויץ, אַ 19־יעריקער פון די „השומר הצעיר"־חברים אין אָסטראָוויעץ קילעצקי, וועלכע זיינען אין דער מלחמה־צייט אַריבער קיין וואַרשע.




דאָס חרובע געטאָ: קאַרמעליצקאַ גאַס מיט אַן אויסבליק אויף לעשנאַ גאַס

## באַריכט פון שמחה ראַטהייזער (קאַזשיק)

### וועגן דער פאַרטיידיקונג פונעם וואַרשעווער געטאָ

דער שרייבער פונעם טאָג־בוך איז איינער פון די יונגע קעמפער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך העלדנמוט. געבוירן אין וואַרשע אין פעברואַר 1924, ביי פרומע עלטערן, ציוניסטן, אייגנטימער פון אַ נאַפט־ און זייף קראָם אויף דער פאַדכאַראַנזשיך גאַס וואָס לעבן טשערני־אַקאָווסקע־גאַס (יענע סביבה האָט אויף וואַרשעווער אידיש־לשון געהייסן: שעלץ). דאָרטן איז ער אויפגעוואַקסן. געענדיקט זיבן קלאַסן פון דער קהילה־פאָלקס־שול און שפּעטער ווייטער געלערנט אין דער האַנדלס־שול און אין דער פאַך־שול פון דער קהילה אויף גזשיבאָוו־סקע 26.

פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ מיטגליד פון „הנוער הציוני", בעת דער מלחמה איז ער, צוזאַמען מיט אַנדערע חברים, אַריבער אין דער „עקיבא"־באַוועגונג, האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דער אונטערערד־באַוועגונג און זיך איר איבערגעגעבן מיטן גאַנצן ברען. געווען גאָר אַקטיוו אין די געטאָ־קאַמפן און אויך שפּעטער אויף דער אַרישער זייט

וואַרשע, באַזונדערס אַקטיוו טעטיק, מיט ביישפּיללאָזן מוט. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, אויגוסט־סעפּטעמבער 1944. נאָך זיין אונטערדריקונג איז ער אַוועק מיט אַ גרופּע חברים אין קיעלצער געגנט און אַ קורצע צייט שפּעטער קיין קראָקע. דאָרט זיך באַמיט, מיט נאָך חברים, צו באַנייען די אונטער־ערד־פאַרבינדונגען, וועלכע זיינען איבערגעריסן געוואָרן בעת דעם וואַרשעווער אַלגעמיינעם אויפשטאַנד. ער איז געראַטעוועט. אינמיטן 1946 איז ער אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל (אויך זיינע עלטערן זיינען געראַטעוועט און זיינען סוף 1947 אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל).

דער באַריכט איז געשיקט געוואָרן פון וואַרשע דעם 24טן מאַי 1944.

א. די פאַרטיידיקונג פון בערשטער־געביט:

זונטאָג דעם 18טן אַפּריל (1943) צוועלף אַזייגער ביינאַכט וועקט אונדז פּלוצלונג דער אַלאַרם־גלאָק פונעם וואַך־פּונקט. מיר כאַפּן זיך אַלע אויף פון די געלעגערס. מיר טוען זיך אָן און פאַרנעמען אונדזערע פּאָזיציעס. מיר זיינען אַ קאַמף־גרופּע אונטער דער קאָמאַנדירונג פון חנוך גוטמאַן, אויף וואַלאָווע גאַס נומער 6. צו אונדזער גרופּע געהערן: צבי עדעלשטיין, שלאַמעק (שלמה) שוסטער, דבורה באַראַן, צפּורה לערער, פּייטשע (צפּורה) ראַבאָוו, אַדאָלף האָכ־בערג, יוסף אָבערשטין, יאַשינסקי (לייב), באַשע סילמאַן, שלאַמעק (שלמה) אַלטערמאַן, אברהם אייגער און איך. הייסט דאָס, אַז דאָס, צו וואָס מיר האָבן זיך געגרייט, איז טאַקע אָנגעקומען. דער בערשטער־געביט איז אַרומגעשטעלט געוואָרן דורך זשאַנדאַרמעריע און דורך געדונגענע אוקראַינישע באַנדיטן. מיין פּאָזיציע איז אַ באַלקאָן, וואָס גייט אַרויס אויף וואַלאָווע גאַס. אויף דער אַנדערער זייט געטאָ־מויער זעט מען דייטשן און אוקראַינער, וואָס פון צייט צו צייט שיסן זיי אין אונדזערע פענסטער אַריין, סתם־אַזוי, צו פאַרווילן זיך. מיר האָבן אַ באַפעל — נישט צו פּראָוואָצירן.

4 אַזייגער פאַרטאָג זעען מיר, ווי דורכן נאַלעווקי־ווינקל הויבט זיך אָן אַ מאַרש פון היטלעריסטן אין צענטראַלן געטאָ אַריין. זיי גייען און גייען — אָן אַ סוף. עטלעכע טויזנט זיינען זיי. הינטער זיי קומען־נאָך עטלעכע טאַנקען, פּאַנצער־אויטאָס, לייכטע האַרמאַטן. און צום סוף — עטלעכע הונדערט וואַפן־ס.ס. אויף ראָווערן. „זיי גייען ווי אויף אַ מלחמה" — זאָג איך צו מיין פּאָזיציע־חברטע צפּורה לערער. און פּלוצלונג דוכט זיך מיר אויס, אַז מיר זיינען זייער שוואַך: וואָס קענען מיר שוין אויפטאָן קעגן אַ גוט־באַוואָפנטער אַרמיי, קעגן טאַנקען און פּאַנצער־אויטאָס. בעת מיר האָבן אין האַנט נאָר אַ רעוואָלווער, און אין בעסטן פאַל — אַ גראַנאַט. מיר פאַרלירן אָבער נישט דעם מוט. מיר וואַרטן אָפּ אונדזערע מערדער, כדי מיר זאָלן סוף־כל־סוף זיך אָפּרעכענען מיט זיי. פון צענטראַלן געטאָ דערטראָגן זיך שוין צו אונדז — געקנאַל פון מאַשין־געווערן, אויפרייסן פון גראַנאַטן, זאַלפּן פון ביקסן. מיר אונטערשיידן יעדן שאָס: דאָס איז אַ דייטשער, דאָס איז אונדזערער, אָט איז אונדזערע אַ מינע, אונדזערער אַ גראַנאַט. אין אונדזער געביט גייט דער טאָג דורך רואיק. פאַרנאַכט קומט אָן אַ בריוו פון טעבענסן, אין וועלכן ער פאָדערט אויף אַלעמען זיך צו שטעלן צו דער אַרבעט, ווייל אין בערשטער־געביט וועט נישט אַדורכגעפירט

ווערן קיין שום אַקציע. צו־אַוונט־צו פאַרלאָזן מיר אונדזערע פּאָזיציעס, איבער־לאָזנדיק וואַך־פּונקטן און מיר גייען צום וואוינאָרט פון דער גרופּע. מיר געפינען זיך אין גרייטקייט־צושטאַנד שוין עטלעכע טעג, אָבער היינט איז אויסנאַם־צו־שטאַנד. יעדערער האַלט ביי זיך די אים צוגעטיילטע געווער און אַמוניציע.

ב. דינסטאָג (20 אַפּריל, ערשטער טאָג פּסח תש״ג):

דריי אַזייגער באַכמיטאָג. גראָד שטיי איך אויף דער וואַך אין אַן אויסקוק־פּונקט, וואו עס געפינט זיך אַ קאָנטאַקטער איינצושליסן אַ מינע. פון דער זייט פון פראַנציסקאַנער־גאַס פאַרקירעוועט זיך און קומט אין וואָלאָווע גאַס, אין אונדזער געביט, אַן אָפּטיילונג פון אַ 300 דייטשן. איך גיב שנעל אַ כאַפּ מיט איין האַנט דעם קאָנטאַקטער און מיט דער צווייטער דריק איך אויפן אַלאַרם־גלאָק. עס פאַלט אַריין צו מיר דער קאָמענדאַנט. די דייטשן האָבן זיך דערנעענטערט, זיי זיינען שוין ביים איינגאַנג־טויער. פּלוצלונג דערהערט זיך אַ שרעקלעכער אויפרייס: איך זע אין דער לופטן פליענדיקע קערפּערס, הענט און פיס באַ־זונדער. עס זיינען פאַראַן אַן 80 ביז 100 דערהרגעטע, די איבעריקע דייטשן טרעטן אָפּ אין צעטומלעניש.[2] מיר פאַרנעמען דערווייל אונדזערע פּאָזיציעס. מיר וואַרטן. עס גייט דורך אַ שעה. עס גייען דורך צוויי. די דייטשן זאַמלען זיך צונויף, זיי באַראַטן זיך: עס זיינען געקומען צופאָרן עטלעכע העכערע אָפיצערן. פּלוצלונג דערהערן מיר שטימען לעבן טויער. די דייטשן שיטן זיך אַריין אין הויף. זיי גייען געענזן־טריט, זיי האָבן אָנגעשראָקענע פּנימער און די ביקסן זיינען גרייט צום שיסן. נישט זיי גייען, נאָר זיי לויפן, אייגנטלעך, האַרט ביי די ווענט פון די הייזער. איך און מיין חבר לאָזן אַדורך די ערשטע זעקס, ווייל ס׳איז אַ שאָד אַ גראַנאַט פאַר אַזאַ קליין הייפל. נאָך זיי קומט אַ גאַנצע באַנדע. מיר האָבן צוויי גראַנאַטן פון אייגענער אויסאַרבעטונג, צען צינדפלעשער און קורצגעווער. „שלאַמעק, צינד אָן״ — רוף איך צו מיין חבר און איך גיב אַ שליידער אַ גראַנאַט אין סאַמע־מיט פון דער גאַנצער באַנדע. אַן אויפרייס... עטלעכע טויטע. מיר וואַרפן צינדפלעשער און עטלעכע דייטשן שטייען אין פלאַמען. זיי באַשיסן אונדז מיט אַ האָגל קוילן. פאַרמאָגנדיק נאָר איין גראַנאַט, וועלכן מיר ווילן אָפּשפּאָרן אויף שפּעטער, ציען מיר זיך צוריק, מיר גייען אַרויף העכער און פאַרנעמען די פּאָזיציע צוזאַמען מיט די איבעריקע קעמפער. מיטאַמאָל ווערט אַלץ שטיל. די דייטשן זיינען אַנטלאָפן. אין אַ האַלבער שעה אַרום באַווייזן זיי זיך ווידער. זיי ווערן ווידער אויפגענומען מיט צינדפלעשער און גראַנאַטן. זיי שיסן געדיכט און ציען זיך צוריק, איבערלאָזנדיק אַ סך גע־הרגעטע און פאַרוואונדעטע. איינער פון די דייטשן האָט דערזען אונדזערס אַ מיידל אויף דער פּאָזיציע: „האַנס, אַ פרוי!״ האָט ער אַ געשריי געטאָן צו זיינע חברים

---

2 די דאָזיקע מינע איז צוגעגרייט געוואָרן נאָך אַ צוויי חדשים פאַרן אויסברוך פון די קאַמפן. דער פּלאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך מיכאל קלעפּפיש און מיט דער אַדורכפירונג האָבן זיך באַשעפטיקט: די קאַמף־גרופּע פון „גורדוניה״ אונטער דער קאָמאַנדירונג פון אליעזר געלער, די קאַמף־גרופּע פון „הנוער הציוני״ אונטער דער קאָמאַנדירונג פון יעקב פּראַשקער און אויך אַנדערע קעמפער. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט העניעק קליינוויים.

און זיי האָבן אָנגעהויבן שיסן אויף איר, אָבער זי האָט זיך נישט צוריקגעצויגן. זי האָט זיי מקבל־פּנים געווען ווי עס באַדאַרף צו זיין. דער קעמפער, וואָס זיין פּאָזיציע איז געווען אויפן בוידעם, האָט באַשאָסן די וואַך פון די דייטשן לעבן די ווענט. נישט קוקנדיק אויף זייער געדיכטן פייער, האָט ער דערהרגעט זעקס פון זיי. אין הויף פונעם בלאָק שוויענטאָיערקע 32 — וואָלאָווע 6 באַוויזט זיך איינער פון די דירעקטאָרן פון דער בערשטער־פירמע, ד״ר לאוס מיט צוויי מונדירטע דייטשן. מיט די ביקסן מאַכן זיי צייכנס פון זייערע פרידלעכע כוונות. ד״ר לאוס פאָדערט אויף די קאַמף־אָרגאַניזאַציע צו לייגן דאָס געווער במשך 15 מינוט. מיר ענטפערן מיט שאָסן. איין דייטש איז דערהרגעט. ד״ר לאוס אַנטלויפט. עס הויבט זיך אָן ממש אַ בלאָקאַדע.

ג. די בלאָקאַדע:

עס קלאַפּן די האַרמאַטן, עס קנאַלן מאַשין־געווערן און גראַנאַטן־וואַרפערס. קוילן שיטן זיך ווי אַ האָגל פון הימל. אַלע אויף אונדזערע פּאָזיציעס און דער שונאי איז נישטאָ. פּשוט נישטאָ. מיר זיינען פאַרצווייפלט. נישטאָ קעגן וועמען מלחמה צו האַלטן. די דייטשן האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אויף דער דרויסנדיקער זייט פון די מויערן און זיי פאַרשיטן אונדז מיט אַ האָגל פון קוילן און גראַנאַטן. פּלוצלונג ווערט אונדזער הויז אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען. געשטויסן דורך רויך און פייער זיינען מיר געצוואונגען צו פאַרלאָזן אונדזערע פּאָזיציעס. אונדזער צוריקטריט שיצן דריי בחורים, מיר טרעטן אָפּ צו שוויענטאָיערסקע 34 אין שוץ־קעלער אַריין. דאָרטן איז דער זאַמל־פּונקט פאַר אַלע קאַמף־גרופּעס, וועלכע אָפּערירן אינעם בערשטער־געביט. מיר געפינען שוין דאָרט איין גרופּע. צוויי גרופּעס פעלן. עס קומט פאַר אַ צונויפקום פון ביידע גרופּעס און איך ווער באַ־שטימט אַלס וואַך־קאָמענדאַנט. איך באַשטים תיכף די נויטיקע מענטשן כאָטש איך מוז עס נישט טאָן, ווייל מען מעלדעט זיך פרייוויליק, און מיר לאָזן זיך גלייך אַרויס כדי אויפצוזוכן אונדזערע חברים. אויפן וועג האָבן מיר צוזאַמענגעשטויסן מיט דייטשן, אָבער עס געלינגט אונדז נישט אָנצוצינדן מיט זיי אַן אמתן קאַמף. מיר באַנייען עטלעכע מאָל די פּרואוון צו געפינען אַ פאַרבינדונג מיט די דער־מאָנטע גרופּעס. אָבער אָן רעזולטאַט. 11 אַזייגער בייַנאַכט זיינען מיר אַרויס זאַלבעדריט: דער קאָמענדאַנט פונעם בערשטער־געביט מאַרעק עדעלמאַן, דער קאָמענדאַנט פון מיין גרופּע העניעק (חנוך) גוטמאַן און איך. אויפן בוידעם געפינען מיר דעם טויטן קערפּער פון אונדזער חבר מיכאל קלעפּפיש, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן פון אַ גאַנצער סעריע קוילן פון אַן אויטאָמאַטישער ביקס. מיר האָבן ביי אים געזוכט, אָבער דעם רעוואָלווער האָבן מיר ביי אים שוין נישט געפונען. מן הסתם האָבן די דייטשן אים צוגענומען. מיר גייען ווייטער און טרעפן אָן אַ פּאַטרול פון אונדזערע צוויי גרופּעס, וועלכע זיינען שוין אַרויס אונדז זוכן. מיר נעמען מיט אַלעמען אין שוץ־קעלער אויף שוויענטאָיערסקע 34. די באַוואוינער פונעם שוצקעלער נעמען אונדז אויף זייער האַרציק. אַלע ווענדן זיך צו אונדז — זיי ווילן אַריינטרעטן אין דער אידישער קאַמף־אָרגאַ־ניזאַציע. לײדער האָבן מיר נישט גענוג געווער אַפילו נאָר פאַר אַלע קעמפער. אַלע זיינען אַדורכגעדרונגען מיטן ווילן צו קאַמף. אין שוץ־קעלער דערטראָגן זיך די קלאַנגען פון אויפרייסנדיקע גראַנאַטן און די אומאויפהערלעכע קאַנאָנאַדע פון שווערע אויטאָמאַטישע מאַשין־געווער. מיר זיינען באַשעפטיקט אַ גאַנצע

נאַכט מיט אויספּוצן דאָס געווער; מיט קאָנטראָלירן די אַמוניציע און די קנויטן ביי די גראַנאַטן פון אונדזער אויסאַרבעטונג. צום סוף רוען מיר אָפּ אַ ביסל.

ד. מיטוואָך (21טער אַפּריל, צווייטער טאָג פּסח):

דעם גאַנצן טאָג פּאַטראָלירן די קעמפער פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע דעם גאַנצן געביט, אָבער די דייטשן באַווייזן זיך נישט. פאַרנאַכט קומען־אָן צו אונדז מענטשן פונעם געביט, — זייערע שוץ־קעלער זיינען פאַרברענט געוואָרן. עס זיינען שוין פאַראַן קרבנות, — פאַרברענטע לעבעדיקערהייט. דער גאַנצער געביט איז אַרומגענומען פון פלאַמען. מיר האָבן באַשלאָסן אַדורכצורייסן זיך אין צענטראַלן געטאָ אַריין. אַ צונויפקום. מיר שטעלן זיך אויס און גייען אַרויס אויפן הויף. דאָס וואָס איך האָב דערזען וועל איך אין מיין גאַנצן לעבן נישט פאַרגעסן. די נאַכט איז פינצטער אָבער דאָ איז זי ליכטיק ווי אין מיטן העלן טאָג; עס הערט זיך נאָר דער געפּלאַץ פון ברענענדיקע באַלקנס און צוזאַמענפאַלנדיקע הייזער. מיר זיינען איינגעטונקט אין פלאַמען. מיר גייען־דורך ברענענדיקע קראַמען. עס שלאָגט אָן אומבאַשרייבלעכע היץ. דאָס צעשטויבטע גלאָז שמעלצט זיך איבערן גאַנצן הויף. מיר לויפן דורך דעם הויף אײנער הינטער דעם צווייטן מיט נאַסע טיכלעך אין די מיילער. ענדלעך האָבן מיר זיך אַדורכגעריסן צום שטח פונעם הויז אויף פראַנציסקאַנער גאַס 21, אונדזער ציל איז — אַדורכצורייסן זיך צום הויף אויף פראַנציסקאַנער 20. מען דאַרף נאָר אַריבערגיין די גאַס. דוכט זיך, — זייער אַ גרינגע אויפגאַבע. מוז איך אָבער דערמאָנען, אַז די מויער לענגאויס באַניפראַטן־גאַס איז ביי דער קרייצונג מיט פראַנציסקאַנער גאַס צעשטערט; די מויער, וועלכע טיילט אָפּ דעם בערשטער־געביט פון ברייטראַלן שטח, איז אויך צעשטערט, און צווישן די צעשטערטע מויערן האַלטן־וואַך לעטישע, אוקראַאינישע און דייטשע פּאַטרולן און די בלויע (פּוילישע) פּאָליציי. איין גרופּע פּרוּוט אַדורכגיין. זי קומט צוריק מיט אַ ידיעה, אַז אין די צעשטערטע ערטער זיינען איינגעשטעלט שווערע מאַשין־געווער. די קאָמענדאַנטן האָבן דעריבער באַשלאָסן פאַנאַנדערצעוואַרפן די גרופּעס. די גרופּע פון יעקב פראַשקער גייט צוריק אין בערשטער־געביט. און מיר מוזן זיך אַדורכרייסן. די ערשטע גייט חנוך גוטמאַנס גרופּע. מיר צעטיילן די גרופּע אויף צוויי פינפטלעך. אויף אויסשפּיר גייען אַרויס שלאַמעק (שלמה שוסטער) און איך. שלאַמעק בלייבט פאַרן טויער, איך פאַרגנבע זיך צו דעם צעשטערטן מויער, איך קוק זיך אַרום אויף אַלע זייטן, איך גיב אים אַ צייכן — און דאָס ערשטע פינפטל גייט אַדורך בשלום. איך וואַרט אָפּ אַ פּאָר מינוט, איך גיב ווידער אַ צייכן — דאָס צווייטע פינפטל גייט אַדורך, און איך נאָך זיי. דערנאָך זיינען אַדורך די גרופּעס פון מאַרעקן (עדעלמאַן) און פון בערלינסקין (הערש). דער געטאָ זעט אויס מער־ווייניקער ווי דער בערשטער־געביט. מיר זיינען אַוועק אין שוץ־קעלער פונעם פאַרזאָרגונגס־אַמט אויף פראַנציסקאַנער גאַס 30.

ה. דאָנערשטאָג (22טער אַפּריל) און די ווייטערדיקע טעג:

דעם גאַנצן דאָנערשטאָג רוען מיר, אין דער נאַכט פון דאָנערשטאָג אויף פרייטאָג לאָזט זיך אַרויס אַ פּאַטרול כדי צו פאַרבינדן זיך מיט די גרופּעס, וועלכע אָפּערירן אויפן שטח פון צענטראַלן געטאָ. צוויי מענטשן גייען אַוועק אין דער

ריכטונג פון געגשע גאַס, יורעק (בלאָנעס) און איך פאַרנעמען זיך צו דער נאַלעווקי־זייט. די גאַנצע גאַס איז פאַרלייגט מיט טויטע קערפּערס. כדי נישט צו טרעטן אויף זיי, שפּרינגען מיר פון אָרט צו אָרט. ביי נאַלעווקי 36 האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ קאַמף־גרופּע מיט ליוטעק (לייב) ראָטבלאַט אין דער שפּיץ. פון דעם מאָמענט אָן האָבן מיר שוין אַ כסדרדיקע פאַרבינדונג מיט דעם קאָמאַנדיר־שטאַב פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און מיט אַלע גרופּעס. קיין גרעסערע קאַמף־אַקציעס קומען נישט פאָר, עס מאַכן זיך קליינע צוזאַמענשטויסן מיט פּאַטרולן. אויפן דריטן טאָג פון אונדזער געפינען זיך אין פאַרזאָרגונגס־אַנשטאַלט מוזן מיר פאַרלאָזן דעם דאָרטיקן שוץ־קעלער, וועלכער האָט אונדז געדינט אַלס אָפּעריר־באַזע. מיר טראָגן זיך אַריבער אין נייטראַלן שטח. אָבער אויך דאָ מוזן מיר באַלד פאַרלאָזן דעם שוץ־קעלער, מיר ווערן אַרויסגעשטויסן דורך רויך און פייער. די לאַגע אין די שוץ־קעלערס איז אַ פאַרצווייפלטע און האָפענונגסלאָזע. עס שפּירט זיך שטאַרק דער מאַנגל אין לופט, וואַסער און שפּייז. דערווייל גייען די טעג; עס איז שוין דער צענטער טאָג פון דער אַקציע. דער געטאָ איז פאַרברענט. אומעטום וואַלגערן זיך צו־קוילפאַרברענטע קערפּערס, — אין די גאַסן, אויף די הויפן און אין די קעלערס. מענטשן זיינען פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. די לאַגע איז שרעקלעך, עס איז אויך נישטאָ קיין מעגלעכקייט ווייטער צו פירן דעם קאַמף; מיר זעען איין: 1) עס איז אַ שטאַרקער מאַנגל פון אַמוניציע; 2) עס פעלן וואַסער און שפּייז; 3) עס איז נישט מעגלעך צוזאַמענטרעפן זיך אין קאַמף מיטן שונא, וועלכער געפינט זיך גאַרנישט אינעם געביט פון געטאָ, נאָר ער טוט זיין פאַרניכטונגס־אַרבעט פון דרויסן, — צוליב דעם אַלעם זיינער מיר געצוואונגען אָנצוהויבן טראַכטן וועגן אַרויספירן אונדזערע מענטשן אין וואַלד אַריין, כדי מיר זאָלן קענען ווייטער פירן אונדזער קאַמף.

ו. מיר זוכן אַ פאַרבינדונג מיט דער אַרישער זייט:

דעם 29טן אַפּריל (דאָנערשטאָג) האָט דער קאָמאַנדיר־שטאַב — מרדכי (אַניעלעוויטש), צביה (לובעטקין), מאַרעק (עדעלמאַן), מיכאל (ראָזענפעלד) און בערלינסקי (הערש) — באַשלאָסן אַרויסצושיקן זיגמונטן (פרידריך) און מיך כדי אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיטן קאָמענדאַנט פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אויף דער אַרישער זייט, אַנטעק (פּסעוודאָנים פון יצחק צוקערמאַן). אין דער נאַכט פון 29טן אויפן 30טן אַפּריל האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט אויף מוראַנאָווסקע־גאַס און פון דאָרטן דורך אַ טונעל צו דער אַרישער זייט. עס האָבן אונדז באַגלייט אַדאָלף (האָכבערג) און ליאָלעק. מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט פון די חברים און זיינען אַרויף אויף אַ בוידעם כדי איבערצוואַרטן ביז איינדערפרי. פאַרטאָג קוקן מיר זיך אַרום און דערזעען אויפן שכנותדיקן דאַך טויטע קערפּערס. מיר לויפן אַרויס אויפן הויף, די שויבן זיינען אויסגעשלאָגן און אַרום איז פול מיט קוילן־גילזן פון ביקסן און רעוואָלווערן. מיר באַקומען דעם איינדרוק, אַז דאָס הויז איז נישט באַוואוינט, מיר ווייסן בכלל נישט וואו מיר געפינען זיך, מיר באַשליסן אַרויסצוגיין און כאַפּן אַ קוק אין גאַס אַריין. ערשט מיר טרעפן אָן אַ טראַמוויי־קאָנדוקטאָר, אַ פּאָליאַק. אין שמועס מיט אים דערוויסן מיר זיך, אַז אין דעם הויז האָט מען אַנטדעקט אַ באַהעלטעניש פון 60 אידן. אַרויסגיין איז גאַס איז נישט מעגלעך. מיר הויבן אָן אים דערציילן אַ בבא־מעשה, אַז זונטאָג

אין אָוונט זיינען מיר אַוועק אין געטאָ נאָך קליידער־אַלטוואַרג און זיינען דאָרט געבליבן שטעקן און ערשט איצטער איז אונדז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון דאָרטן. וויבאַלד אַזוי — הויבט ער אונדז אָן צו גראַטולירן, גיט אונדז די האַנט און זאָגט, אַז מיר וועלן קענען אָנשרייבן אַ גאַנץ בוך וועגן דעם. ער באַווייזט אונדז עפּעס אַ לאָך, וואָס פירט אַרויס אויף שעראַקאָווסקע־גאַס. עס איז אונדז געלונגען אַרויסצוקומען בשלום אין גאַס אַרויס.

אין גאַס האָט אונדז דערקענט אַ „שמאַלצאָווניק" (אַ שאַנטאַזשיסט — אַן אויספּרעסער), וועלכער איז אונדז נאָכגעגאַנגען. מיר זיינען אים אָבער פאַר־שוואונדן פון אונטער דער נאָז. דעם זעלבן טאָג האָבן מיר שוין באַקומען אַ פאַרבינדונג מיט אַנטעקן (יצחק צוקערמאַן), מיט זיין פאַרבינדלערין פראַניאַ בעאַטוס און מיט טאַדעקן (טובה שיינגוט). מיר האָבן אים אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע אין געטאָ און אַרומגערעדט די פראַגע וועגן אַ הילף־אַקציע. איך דערוויס זיך, אַז מיר האָבן נישט צו דערוואַרטן קיין שום הילף. מיר זיינען אָנגעוויזן אויף אונדזערע אייגענע כוחות. יעדערער פון אונדז הויבט דאַן אָן זוכן פאַרבינדונגען. עס האָבן זיך געמאָלדן צו מיטאַרבעט — סטעפאַן (סאַוויצקי), קאָסטעק [3] (קשאַטשעק), אַנאַ (וואָנכאַלסקאַ) [4] סטעפאַן פּ. (פּאָקראָפּעק). די הילף פון די דאָזיקע מענטשן איז אונדז אומבאַדינגט נויטיק און מיר האָבן זיי אַ סך צו פאַרדאַנקען. נאָך אַ לויפעניש במשך עטלעכע טעג איז אונדז געלונגען צו באַ־קומען אַ פאַרבינדונג מיט שמוגלערס פון קאָזשלע גאַס. זייער אויפגאַבע דאַרף זיין — פאַרגרינגערן אונדז אַראָפּצולאָזן זיך אין קאַנאַל. אין לעצטן מאָמענט

3 מיטגליד פון פּ.פּ.ר. (קאָמוניסטישע באַוועגונג). אַ פּאָליאַק, וועלכער איז געווען טעטיק אונטערן נאָמען „קשאַטשעק". די שרייבער האָבן מיט אַ ביוון אים אָנגערופן „קאָסטעק", כדי די אַריבערפירער פונעם באַריכט — פּוילישע אונטערערדלער פון דער לאָנדאָנער עמיגראַציע-רעגירונג — זאָלן נישט וויסן וועגן דער צוזאַמענאַרבעט מיט די קאָמוניסטן. ער האָט אויך אין אַ סך אַנדערע פאַלן אַרויסגעהאָלפן דעם אידישן אונטערערד. אין אָנהויב 1944, ווען יעקב פייגענבלאַט, גיטאַ קאַוועגאָקי און זיגמונט איגלאַ זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין באַהעלטעניש אויף פּרוזשנע 14, האָט זיך קשאַטשעק באַזאָרגט מיט אַ פאַלשן דאָקומענט אַלס מיטגליד פון דער נאַצישער פּאַרטיי און איז אַוועק אין געסטאַפּאָ-אַמט, כדי אויפצוקלערן די סיבה פונעם דורכפאַל, און געפאַלן אַ קרבן.

4 אַ פּוילישע פרוי פון אַ יאָר 60. אַ מיטגלידערין פון פּ.פּ.ס. איינע פון די חסידי אומות העולם. איר מאַן איז געווען אַן אַלטער סאָציאַליסטישער קעמפער, אַ מיטגליד פון דער פּ.פּ.ס.-ישער „באָיוואָוקע" (קאַמף-גרופּע) אין יאָר 1905. במשך דער גאַנצער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט זי אויסבאַהאַלטן אידן. זי האָט אויסגעהאַלטן אין איר היים איינע פון די שילערינס פון דער אונטערערדישער „דרור" גימנאַזיע. איר וואוינונג אויף וואָליע (אַרישע זייט) האָט געדינט אַלס טרעף-פּונקט פאַר דער אידישער קאַמף-אָרגאַניזאַציע. אויך איר אייגענע שוועסטער, מאַרישאַ סאַ-וויצקאַ, אויך אַ מיטגלידערין פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אַ שניידע-רין, אַ טוערין אויפן געביט פון אַרבעטער-ספּאָרט, אַ גוטע באַקאַנטע פון מיכאל קלעפּ-פיש, האָט אַרויסגעוויזן אַ סך טרייהייט און איבערגעגעבנקייט אין איר הילף דער אי-דישער אונטערערד-באַוועגונג. דערלאַנגענדיק די הילף זייערע, האָבן זיי יעדן מאָמענט געשטעלט אין געפאַר זייער לעבן. אויך סטעפאַן סאַוויצקי איז פון דער זעלבער משפחה.

האָבן זיי זיך אָבער אָפּגעזאָגט. מיר זיינען פֿאַרבליבן אין גאַס נאָך דער „פּאָליצײַ־שטונדע", נישט האָבנדיק וואו איבערצונעכטיקן. ערשט מיט אַן 8 טעג שפּעטער האָט קאָסטעק אָפּגעזוכט קאַנאַליזאַטאָרן.

ז. עקספּעדיציע אין געטאָ אַריין:

אין דער נאַכט פֿון 7טן אויפֿן 8טן מאַי האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין אַן עקספּעדיציע צום געטאָ, אין איר זיינען געווען רישעק און צוויי קאַנאַליזאַטאָרן. דער עקספּעדיציע איז נישט געלונגען אָנצוקומען צו איר ציל. זיי האָבן געמוזט אומקערן זיך צוריק. אויפֿצומאָרגנס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ צווייטע עקספּעדיציע. עס זיינען געגאַנגען — צוויי קאַנאַליזאַטאָרן, רישעק און איך. טאַדעק (שיינגוט) און קאָסטעק (קשאַטשעק) זיינען געבליבן אויבן, אויף דער ערד. מען מוז נאָך צוגעבן, אַז כדי צו דערמעגלעכן די עקספּעדיציע האָבן מיר געמוזט שטעלן זיך אין פֿאַרבינדונג מיטן קעניג פֿון די „שמאַלצאָווניקעס" אויפֿן קאַזימיעזש־פּלאַץ און מיט זיינע צוהעלפֿער. אין דער נאַכט פֿון 8טן אויפֿן 9טן מאַי, אַזייגער 10 מיט אַ האַלב, זיינען מיר אַראָפּ אין קאַנאַל. די קאַנאַליזאַטאָרן פּירן, מיר גייען הינטער זיי. נאָכן אָפּגיין עטלעכע צענדליק מעטער בלייבן זיי שטיין און דערקלערן, אַז וויטער גייען זיי נישט. זיי זיינען שיכור ווי לוט. אויף זייער דערקלערונג ענטפֿער איך גלייך מיט אַ קאַטעגאָרישן טאָן: „איר דאַרפֿט פֿאָלגן מיינע באַפֿעלן, מאַרש פֿאָראויס!" איך בין נישט בכוח צו באַשרייבן דעם וועג מיט זיי. יעדע פֿאָר מינוט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און פֿאַרלאַנגט בראָנפֿן, קוואַס און עסן. קיין שום טענות האָבן נישט געהאָלפֿן. נאָר דער רעוואָלווער מיינער האָט געהאַט אַ ווירקונג. איך בין אַרויס פֿון קאַנאַל צוויי ביינאַכט דורכן פֿאַרדעק, וואָס אויפֿן ווינקל פֿון די גאַסן סטאַווקי און זאַמענהאָף. רישעק איז געבליבן מיט די קאַנאַליזאַטאָרן. די זאַמענהאָף־גאַס איז באַלויכטן מיט אַ רעפֿלעקטאָר פֿון דער זייט פֿון דזשיקע־גאַס. איך מוז קריכן אויפֿן בויך אַזש ביז מראַנאָווסקע גאַס. איך האָב עטלעכע אַדרעסן פֿון אונדזערע קאַמף־גרופּעס. קודם־כל פֿאַרנעם איך זיך צום שוץ־קעלער פֿון פֿאַרזאָרגונגס־אַנשטאַלט אויף פֿראַנצישקאַנער 30. דעם שוץ־קעלער האָב איך פֿאַרלאָזט ווען איך בין אַוועק אויף דער אַרישער זייט. איך קום אַריין אין הויף, אָבער איך געפֿין שוין נאָר חורבות־איבערבלייבן פֿונעם שוץ־קעלער — מען האָט אים ווייזט אויס, אַנטדעקט. אין צווייטן הויף טרעף איך צווישן די חורבות דריי מענטשן, דאָס זיינען שוין קיין נישט מענטשן נאָר געשפּענסטער, רוחות פֿון יענער וועלט. אינעם ברוכוואַרג ליגן: צוויי מענער און אַ פֿרוי. די פֿרוי קרעכצט, זי האָט אַ צעבראָכענעם פֿוס. איך וויל זיי מיטנעמען מיט זיך אויף דער אַרישער זייט, אָבער זיי האָבן קיין כוח נישט אַפֿילו אויפֿצושטיין פֿון אָרט. ריידנדיק מיט זיי דערוויס איך זיך, אַז דער שוץ־קעלער איז אַנטדעקט געוואָרן מיט עטלעכע טעג צוריק. די קעמפֿער האָבן דאָ אַדורכגעקעמפֿט איינעם פֿון די שענסטע קאַמפֿן, זיי האָבן דאָ געקעמפֿט מיט עטלעכע צענדליק דייטשן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז דער קעמפֿער אברהם אייגער האָט ליגנדיק אַ פֿאַרוואונדעטער — גערופֿן צו זיך די דייטשן, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט צוצוגיין. ווען די כוחות זיינען אים אויסגעגאַנגען און ער האָט אויפֿגעהערט שיסן, האָט אים אַ דייטש דערשטאָכן מיט דער שפּיז פֿון ביקס. שלאַמעק (שלמה שוסטער) האָט נישט קוקנדיק אויף זיין 17־יעריקן עלטער, אַרויסגעוויזן אומפֿאַרשטעלבאַרע



אַ מצבה אויף מילא גאַס 18.

אויף דעם אָרט האָט זיך געפונען דער הויפּט-בונקער פון דער אידישער קאַמף-אָרגאַניזאַציע, וועלכער איז אַנטדעקט געוואָרן דעם 8טן מאַי 1943.

העלדישקייט און ער האָט געקעמפּט ווי אַ לייב. ער איז געפאַלן שפּעטער, אויף דער אַרישער זייט.

איך האָב די דריי אומגליקלעכע איבערגעלאָזט אויף זייער אייגענעם באַראָט און בין אַוועק צו פראַנצישקאַנער 22. די שוץ־קעלערס אין דעם הויף קען איך נישט. איך סיגנאַליזיר מיטן לאַמטערנדל און רוף־אויס אונדזער פּאַראָל. פּלוצלונג לאָזט זיך הערן עפּעס אַ שטימע פון צווישן די חורבות אַרויס, וועלכע וויל מיך פירן צום שוץ־קעלער, וואו עס געפינען זיך אונדזערע קעמפער. לויט דער שטימע האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז אַ פרוי. זי האָט מיר געזאָגט,

אַז זי האָט אַ צעבראָכענעם פוס און איך זאָל זי אָפּזוכן צווישן די חורבות. איך האָב געזוכט אַ האַלבע שעה און זי נישט געפונען. איך האָב געמוזט איבעררייסן די זוכענישן. אַ פאַרצווייפלטער לויף איך נאָך צו אויף נאַלעווקי 33 און 35. אויף מילאַ 19, אויף זאַמענהאָף 29, אָבער אין די אַלע ערטער געפין איך קיינעם נישט. דער געטאָ איז גריינטלעך פאַרברענט. עס וואַלגערן זיך טויטע קערפּער קופּערסוויז — אין די גאַסן, אין די הויפן, צווישן די חורבות.

איך הויב אָן טראַכטן: צו וואָס גיי איך צוריק פון דאַנען? און פּלוצלונג דערפיל איך מיך אַזוי גוט צווישן אָט די אַזוי טייער געוואָרענע חורבות און טויטע קערפּערס. עס דערוועקט זיך אין מיר אַ ווילן, — נקמה צו נעמען און אומקומען. אָבער איך גיב זיך נישט אונטער דער שוואַכקייט. די פליכט רופט צוריק. 4 אַזייגער בין איך צוריק אַריין אין קאַנאַל. איך האָב פאַרהאַקט הינטער זיך דעם אייזערנעם צודעק. „לאָמיר גיין" — האָב איך מיט אַ נישט־מענטשלעכער שטימע אויסגעשריען צו רישעקן און צו די קאַנאַליזאַטאָרן. — „ס'איז קיינער נישטאָ". עס האָט זיך אָנגעהויבן דער וועג צוריק. מיר זיינען אַדורכגענעצט דורך־און־דורך, — אַלע פאַרדעקן און שלוזן זיינען פאַרשלאָסן. דאָס וואַסער דערגרייכט ביזן גאַרטל. מיר גייען און איך סיגנאַליזיר מיטן לאָמטערנדל, טראַכטנדיק אָן אויפהער, — אפשר וועט זיך דאָך עמעצער געפינען. איך רוף „יאַן! יאַן!" — דער פאַראַל פון די קעמפער — און פּלוצלונג שפּרינגט אַרויס פון אַ זייטן־קאַנאַל אַ גרופּע פון 10 קעמפער. מיט טרערן אין די אויגן באַגריסן מיר זיך. פון עטלעכע ווערטער דערוויס איך זיך אַלץ וואָס איז פאַרגעקומען אין דער צייט, וואָס איך בין נישט געווען דאָרט. די הילף איז געקומען צו שפּעט מיט איין טאָג! פאַרפאַלן, מען דאַרף ראַטעווען די איבעריקע. צוויי קעמפער קערן זיך אום אין געטאָ מיטצונעמען פון דאָרטן די פאַרבליבענע. מיר גייען דערווייל פאַמעלעך פאַראויס אין דער זייט פון פּראָסטע־גאַס. יעדע עטלעכע צענדליק מעטער שטעלן מיר אויס וואַך־פּאָסטנס. גייענדיק, שמועס איך מיט שלאָמעק שוסטער: פון אים דערוויס איך זיך איינצלהייטן. דער שוץ־קעלער אויף מילע 18 איז אַנטדעקט געוואָרן ערשט דעם 8טן מאַי בייטאָג. דער גרעסטער טייל דאָרטן איז אין לעצטן מאָמענט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. איך פאַרשטיי דאָס זייער גוט: הונגעריקע, אויסגעמאַטערטע, אַ לאַגע אָן אַן אויסוועג און קיין הילף איז פון ערגעץ נישטאָ. איך האָב צוגעפּירט די מענטשן ביז אונטערן קאַנאַל־צודעק אויף פּראָסטע־גאַס און איך בין ווידער אַרויס אויף דער אַרישער זייט. איך גיי אַריין צום „שאַמלצאָווניק" (דער אויספּרעסער), ביי וועמען איך האָב איבערגעלאָזט מיינע בגדים פאַרן אַראָפּלאָזן זיך אין קאַנאַל. עס וואַרטן שוין אויף מיר טאַדעק און קאַסטעק. איך האָב זיי דערציילט אַלץ ווי עס איז. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז אויף צו מאָרגנס 5 פאַרטאָג וועלן מיר אַרויסנעמען די מענטשן פון קאַנאַל און אַוועקפירן זיי אין וואַלד אַריין. קאַסטעק דאַרף צושטעלן אויטאָס. 5 פאַרנאַכט גיי איך מיט טאַדעקן צום קאַנאַל־צודעק און מיר באַקומען אַ בריוו פון די קעמפער, אַז 5 פאַרטאָג וועלן זיי אַלע זיין אונטערן צודעק.

ח. מאָנטאָג, דעם 10טן מאַי:

פינף אַזייגער פאַרטאָג זיינען מיר שוין ביים קאַנאַל־צודעק. איך וואַרט אויף טאַדעקן און אויף די אויטאָס, וואָס קאַסטעק האָט געדאַרפט צושטעלן. אַ האַלבע שעה שפּעטער קומט־אָן טאַדעק. מיר גייען זיך דורך אויף פּראָסטע־גאַס. עס גייט דורך אַ שעה, צוויי, קאַסטעק איז אַלץ נישטאָ. מיר זיינען שרעקלעך דע־

נערווירט. מיר האָבן באַשלאָסן מיט אייגענע כוחות אויסצוקאָמבינירן אויטאָס.[5] טאַדעק האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַקומען אויטאָס — איז ער אַוועק און איך בין געבליבן אַליין. עס איז שוין 9 אַזייגער אינדערפרי און מען זעט נישט קיינעם פון זיי. עס איז צו שפּעט, אַז מען זאָל ריזיקירן איצטער אַרויסציען די מענטשן פון אונטן. אָבער פון דער אַנדערער זייט איז מיר קלאָר: נישט אַרויס־נעמען די מענטשן היינט הייסט פאַר זיי — אומקום אין קאַנאַל. איך באַשליס דעריבער מיט מיר זעלבסט: ווען עס זאָל נישט זיין די געלעגנהייט — היינט מוזן מיר די מענטשן אַרויספירן. עס וואָלט גוט געווען צו האָבן אַ וואַך ביים אַרויסנעמען זיי. ליידער האָבן מיר קיינעם נישט. עס גייען ווייטער פאַרביי שעהן. פלוצלונג קומט אָן אַן אויטאָ. עס זיינען אָנגעקומען אויך קאָסטעק און אַנדערע גוט־אויסזעענדיקע בחורים: יורעק, רישעק און וואַצעק. מיר שטעלן אַרום דעם קאַנאַל־צודעק מיט פון פריער צוגעגרייטע פלאַטפאָרמעס, ווייל אין ווינקל זשעלאַזנע־גאַס שטייט אַ דייטש־אוקראַינישער וואַך־פּאָסטן, — די באַוואַכונג פון קליינעם געטאָ. מיר עפענען דעם צודעק. עס הויבט זיך אָן דאָס אַרויסגיין פון קאַנאַל. איך דערקען קיינעם נישט. הגם איך האָב אַלעמען גוט געקענט. ווייל דאָס זיינען נישט קיין מענטשן נאָר אויסגעמוטשעטע געשפּענסטער, וועלכע האַלטן זיך קוים אויף די פיס. אַרום האָט זיך צונויפגעקליבן אַ מאַסע מענטשן, וועלכע קוקט זיך צו און זאָגט: „די קעץ קומען אַרויס". פלוצלונג באַמערק איך, דער צודעק איז אָפן אָבער קיינער קומט נישט אַרויס. קאָסטעק איז דע־נערווירט, דער אויטאָ איז שוין פול. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען אַ צווייטער אויטאָ. איך בין צוגעלאָפן צו קאָסטעקן און ער זאָגט מיר, אַז דער צווייטער אויטאָ איז נישט אונדזערער. „דער אויטאָ איז פול", זאָג איך צו אים, „און קיינער קומט שוין נישט אַרויס, אויף וואָס וואַרטן מיר?" איך גיב אַ באַפעל צו פאַרמאַכן דעם צודעק און אַוועקפאָרן. אין אויטאָ דערוויס איך זיך, אַז אין קאַנאַל זיינען פאַרבליבן 15 קעמפער; זיי זיינען געווען אין אַ זייטן־קאַנאַל. דאָס אַרויסגיין פונעם קאַנאַל האָט געדויערט אַ האַלבע שעה. די דאָרט געבליבענע גרופּע איז געווען ווייט פונעם צודעק אַ 15 מינוט גאַנג אין איין זייט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז נאָכן איבערטראַנספּאָרטירן די איצטיקע גרופּע וועט דער אויטאָ זיך אומקערן צוצונעמען די איבעריקע. מיר זיינען געפאָרן צום וועלדל לעבן מלאטשין — אַ 7 קילאָמעטער פון וואַרשע.[6] איך בין געבליבן כדי צוצופירן די

5 זיי האָבן טעלעפאָנירט צו אַ טראַנספּאָרט־געזעלשאַפט און געבעטן מען זאָל אַרויס־שיקן אַ לאַסט־אויטאָ צו פירן האָלץ־שיך. ווען דער אויטאָ איז אָנגעקומען אויפן אָרט, האָבן זיי מיט געווער אין האַנט געצוואונגען די שאָפערן, זיי זאָלן אַוועקפירן די קעמפערס.

6 די דאָזיקע רייזע איז געווען איינע פון די געוואַגטסטע אַדורכפירונגען פון די אידישע קעמפער. עטלעכע צענדליק אידישע קעמפער מיט זייערע וואָפן זיינען אינ־מיטן העלן טאָג אַדורכגעפאָרן די גאַנצע שטאָט, וועלכע איז געווען פול מיט באַ־וואָפנטע דייטשן. די אידישע קעמפער האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער דיל פון אויטאָ, און נאָר לעבן שאָפער איז געזעסן דער פּאָליאַק קאָסטעק (קשאטשעק) און האָט געוויזן דעם וועג. אין אויטאָ איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער שמחה ראַטהייזער — און אַזוי זיינען זיי געפאָרן איבער אַ שעה. אַ פּאָר מאָל, ווען עס האָבן זיך באַוויזן דייטשן צו־נאָענט איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל „געווער־גרייט"; אַזוי זיינען זיי אויך דורכגעפאָרן די ווייסל־בריק, וואו סאיז געווען אַ ספּעציעלע וואַך.

מענטשן צו דער גרופּע קעמפּער פונעם טעבענס־געביט, וואָס מיר האָבן זיי מיט צוויי וואָכן צוריק אַרויסגענומען פון אָגראָדאָווע־גאַס. רישעק, וואַצעק און יורעק זיינען צוריקגעפאָרן מיטן אויטאָ קיין וואַרשע. פאַרנאַכט, זעענדיק, אַז זיי קומען נישט צוריק, בין איך אַוועק קיין וואַרשע. אַדורכפאָרנדיק דעם באַנק־פּלאַץ האָב איך באַמערקט אַ צוזאַמענלויף. געשטויסן פון עפּעס אַ פאָרגעפיל בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון טראַמוויי. איך גיי צו נעענטער. פאַר מיינע אויגן ליגט רישעק, אַ דערהרגעטער, אַ ביסל ווייטער — יורעק. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט: זיי זיינען געקומען צופאָרן קיין וואַרשע און אַוועק אויף פּראָסטע־גאַס צום קאַנאַל־צודעק. אָבער דער אָרט איז שוין געווען אַרומגעשטעלט מיט זשאַנדאַרמעריע. עפּעס אַ פּרוו האָט זיי ביידן דערקענט און געמסרט, אַז זיי האָבן אָנטיילגענומען אין אַרויסציען די מענטשן פון קאַנאַל. די אין קאַנאַל־פאַרבליבענע זיינען אַרויס דורכן געעפנטן צודעק. אינעם קאַמף, וואָס איז אויסגעבראָכן, זיינען זיי אַלע אומגעקומען.

## באַריכט פון טוביה באָזשיקאָווסקי

### וועגן די שלאַכטן אין צענטראַלן געטאָ

דער שרייבער פונעם באַריכט איז געבוירן אין ראַדאָמסק, אין אַן אָרימער פאַמיליע. נאָך קינדרווייז האָט ער געהאָלפן אויסהאַלטן די משפחה. צו 15 יאָר אַריין אין „פרייהייט". אַ טרייער איבערגעגעבענער חבר אויך אין החלוץ און שפּעטער — אין דער פּאַרטיי פּועלי־ציון (צ.ס.) און אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אַ דעלעגאַט, אויף אַלע קאָנפערענצן פון „פרייהייט" און פון החלוץ. בעת דער מלחמה צווישן די אַקטיווע טוער אינעם אידישן אונטערערד. טעטיק אינעם מרכז החלוץ און אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. אַן אינסטרוקטאָר אין די אונטערערד־סעמינאַרן און געשריבן אין דער אונטערערדישער פּרעסע. איינער פון די מוטיקע קעמפער אין געטאָ־אויפשטאַנד און אויך אינעם אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, אין אויגוסט־סעפּטעמבער 1944.

דער דאָ געבראַכטער איבערבליק איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון וואַרשע דעם 24טן מאַי 1944, אַ קיצור פון אַ גרעסערער אַרבעט, וואָס צוליב טעכנישע טעמים האָט מען זי נישט געקענט איבערשיקן אין־גאַנצן. דער אָריגינעלער כתב־יד איז פאַרלוירן געוואָרן. דער שרייבער — בעת דעם געטאָ־אויפשטאַנד איז אַלט געווען 32 יאָר — ער איז גע־ראַטעוועט געוואָרן און איז עולה געווען קיין ישראל, וואו ער האָט צו־זאַמען מיט אַנדערע לעבנגעבליבענע קעמפער געגרינדעט דעם קיבוץ לוחמי הגיטאות אין מערבדיקן גליל. בעת דאָס בוך האָט זיך געפונען אין דרוק איז קיין ניו־יאָרק אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה אַז טוביה באָזשיקאָווסקי איז געשטאָרבן אין קיבוץ נאָך אַ לענגערער קראַנקהייט.

19טער אַפּריל 1943 (ערב פּסח תש״ג). אַ שיינער פרילינגס־טאָג. די בחורים געפינען זיך אויף זייערע פּאָזיציעס און באַדויערן זייער, וואָס די נאַטור האָט זיי אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל. מיר האָבן דערוואַרט, אַז אונדזער לעצטע שלאַכט וועט פאָרקומען אונטער אַ שוואַרץ־בלייענעם הימל אין שטורעם און ווינטער. אַזייגער 6 אינדערפרי קומט צולויפן צום קאָמענדאַנט פון אונדזער גרופע יוסף פאַרבער, מיט אַ צעשויבערטער שוואַרצער טשופּרינע און שוואַרצע גלאַנצנדיקע אויגן. ער ברענגט פונעם קאָמענדאַנט אַ באַפעל אָנצוהויבן דעם אָנגריף. די דייטשן געפינען זיך שוין ביי אונדזערע פּאָזיציעס, אין ווינקל פון די גאַסן נאַלעווקי און גענשע (די קאַמף־גרופּע איז געווען אויפן באַלקאָן פונעם הויז נאַלעווקי 33 ווינקל־גענשע). עס האָט זיך דערהערט דער באַפעל: „פייער!״ אַ קאַנאָנאַדע פון קוילן און גראַנאַטן צעקלינגט זיך איבער די קעפּ פון די דייטשן. דער אויפרייס פון די באָמבעס דערטראָגט זיך מיט עכאָס איבערן גאַנצן געטאָ. אויף אַלע דריי פּאָזיציעס פון אונדזער אָפּטיילונג ברויזט דער קאַמף. די פאַרבינדלער לויפן פון פּאָזיציע צו פּאָזיציע מיט באַפעלן פונעם קאָמענדאַנט. יעקב (גוטערמאַן) אַ יונגער, הויכער און פעסטער ריז, שיסט מיט אַ ביקס פון פראָנט־באַלקאָן. פייוול (שוואַרצשטיין) איז ביים פענסטער און שיסט פון אַן אויטאָמאַטישן רע־וואָלווער. אברהם (דרייער) און משה (רובין) פירן־אָן דעם אָנגריף אויף די אַנדערע צוויי פּאָזיציעס. דער קאָמענדאַנט זכריה (אַרטשטיין) איז אומעטום, ער גיט אינסטרוקציעס, ער באַגייסטערט צו אַ פאַרשאַרפטן קאַמף. די טיכטיקע צביה (לובעטקין) מיט איר באַטראַכטקייט און זעלבסטבאַהערשטקייט שטעלט־אָפּ די סאַמע קלענסטע אַרויסווייזן פון דענערווירונג. רבקה וועלכע האָט די פונקציע פון אַן אויסקוקערין, קומט צולויפן מיט אַ ידיעה, אַז די דייטשן זיינען אָפּגעטרעטן און מען זעט שוין נישט קיין איין דייטש אין גאַס. דער קאָמענדאַנט מאַכט אַן איבערזיכט איבער אונדזער שלאַכט־אָפּשניט און זאָגט־אָן אַלעמען, אַז די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט עטלעכע־און־פערציק הרוגים. מיר האָבן נישט געליטן קיין שום פאַרלוסט.

אין דער אָפּטיילונג איז אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד. מיר אַלע פאַרשטייען גאַנץ גוט, אַז עס מוז נאָך דערגיין צו אַן אַנטשיידנדיקן קאַמף און אַז נישט־קוקנ־דיק אויף די דייטשע פאַרלוסטן — וועט דער קאַמף זיך פאַרענדיקן מיט אונדזער טויט. אונדזער איינציקע פרייד פאַרן טויט איז — צו זען דערהרגעטע דייטשן ליגן אויסגעצויגן אין גאַס. דערווייל איז אַ הפסקה. אַ טייל קעמפער זעצט־זיך־צו אָפּרוען, מען איז מיד און נישט אויסגעשלאָפן נאָך אַ גאַנצן וואָך־נאַכט, אַנדערע דערציילן צווישן זיך איינדרוקן, איבערלעבונגען. אין אַ געוויסן מאָמענט דער־מאָנען מיר זיך, אַז כל־זמן מען לעבט, דאַרף מען עסן. מיר בייסן־צו מיט אַפּעטיט. אין ערשטן טאָג פון די קאַמפן האָבן מיר נאָך גענוג שפּייז. נאָכן אָפּעסן שלעפּט אַרויס משה (רובין) זיין אַקאָרד־יאַנדל, וואָס איז תמיד מיט אים, און ער באַמיט זיך ווי־עס־איז אויסצושפּילן מעלאָדיעס פון שובערט און בעטהאָווען. די שעהן גייען רואיק פאַרביי. די קעמפער פאַרוויילן די צייט און פּרואוון צונעמען דאָס געווער ביי די פון־שלאָף־באַזיגטע חברים. אָבער די מערסטע פון זיי האַלטן די האַנט אויפן צינגל אויך שלאָפנדיק. די „גנבים״ האָבן מורא אָנצורירן זיי, מען זאָל צופעליק נישט באַקומען אַ כיבוד פון אַ פאַרציעלע בליי, וועלכע איז דאָך באַשטימט פאַר עמיצן אַנדערש...

פּלוצלונג קומט צולויפן די אויסקוקערין און מעלדעט דעם קאָמענדאַנט, אַז

פון דער זייט פון מוראַנאָווסקע־גאַס קומען אָן טאַנקען און פונעם דרייעק גענשע־נאַלעווקי־פראַנציסקאַנער דערנעענטערן זיך דייטשע אָפּטיילונגען. די דייטשן גייען צעשפּרייט און שיצן זיך ביי די ווענט פון די הייזער. דער קאָמענדאַנט זכריה (אַרטשטיין) גיט אַ באַפעל צוצוגרייטן זיך צום אַנטשיידנדיקן קאַמף און ער זאָגט־אָן, אַז די וואָס וועלן בלייבן לעבן זאָלן זיך צוריקציען צו איינער פון די באַזעס פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אויף גענשע 6. עס זיינען קוים פאַרקלונגען די לעצטע ווערטער פונעם באַפעל און מיר זיינען שוין פאַר־טויבט געוואָרן פון אַ שרעקלעכער קאַנאַנאַדע, וועלכע איז געקומען אויף אונדז פון אַלע זייטן. אין ווינקל פון די גאַסן נאַלעווקי און פראַנציסקאַנער האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט אַ באַריקאַדע, פון וועלכער זיי באַשיסן אונדזערע פּאָזי־ציעס. נאָך אַן אומאויפהערלעך פייער במשך אַ האַלבע שעה האָבן מיר פעסטגע־שטעלט מיט פרייד, אַז פון אונדזערע קוילן און גראַנאַטן זיינען ווידער געפאַלן עטלעכע צענדליק געהרגעטע און פאַרוואונדעטע דייטשן. פון די קעמפער איז קיינער נישט געפאַלן. די דייטשן האָבן געשאָסן כמעט בלינד, זיי האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון הינטער דער באַריקאַדע. מיר האָבן אָבער געשאָסן צילנ־דיק. מיר האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז קיין איין קויל זאָל נישט אַוועק אומזיסט. דער ערשטער טאָג פון די קאַמפן האָט זיך פאַרענדיקט מיט אונדזער נצחון. אין אָוונט האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל אַריבערצוטראָגן זיך אויף אַנדערע פּאָ־זיציעס. מיר האָבן פאַרלאָזן אונדזער געביט נאָכדעם ווי מיר האָבן אונטער־געצונדן דעם דייטשן „ווערט־ערפאַסונג״־מאַגאַזין, אויף נאַלעווקי 33. מיר זיינען אַוועק דורך בוידימער, וועלכע זיינען איצטער געוואָרן די הויפּט־אַרטעריע פון אונדזער קאָמוניקאַציע אין געטאָ.

שוין זייענדיק אין וועג, האָט זיך אונדזער פּאַטרול אומגעקערט מיט דער ידיעה, אַז גענשע 6 איז באַלאַגערט דורך די דייטשן. קיין וועג צוריק האָבן מיר נישט, ווייל אונדזערע פּאָזיציעס אויף די נאַלעווקיס זיינען שוין געשטאַנען אין פלאַמען. מיר זיינען אָפּגעשלאָסן פון צוויי זייטן. ערגער איז אָבער וואָס עס ברענט אויך אונטער אונדז. עס שטיקט אונדז דער רויך. די סיטואַציע איז גע־וואָרן אַ שווערע. מיר האָבן זיך אָבער נישט פאַרלוירן. אַ צווייטער פּאַטרול, מיט דער העלדישער מירא (פוכרער) אין דער שפּיץ האָט זיך אַוועקגעלאָזט זוכן אַן אַרויסוועג פון דער אַרומרינגלונג. אַ לאַנגע צייט איז דער פּאַטרול נישט צוריקגעקומען. דערווייל האָבן דייטשן זיך אַרויפבאַקומען אויפן בוידעם. מיר האָבן געעפנט אויף זיי אַ שיסעריי. מאַנפרעד האָט דערהרגעט דעם ערשטן דייטש און צוגענומען ביי אים דאָס געווער, די איבעריקע זיינען אַנטלאָפן. אין צוויי שעה אַרום איז צוריקגעקומען אונדזער פּאַטרול און מיר זיינען אַוועק אויף אַ נייעם וועג, איבערלאָזנדיק הינטער זיך ברענענדיקע הייזער.

מיר זיינען אָנגעקומען אויף מיזעלס־גאַס נומער 3. דאָרטן האָבן מיר גע־דאַרפט וואַרטן אויף אַ ווייטערדיקער אינסטרוקציע פון דער קאָמענדאַנטור.

מיר זיינען געוואָרן איינגעשלאָסן אין די קאַמף־גרופּעס אויף זאַמענהאָף־גאַס. דאָרטן זיינען פאַרגעקומען די פאַרביטערטסטע קאַמפן. דאָרטן זיינען געווען קאָנצענטרירט באַדייטנדיקע דייטשע כוחות און די שטאַרקסטע אָפּטיילונג פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. די קעמפער־גרופּעס האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אין דריי פונקטן: זאַמענהאָף 29, זאַמענהאָף 50 און מילע 28. נאָך

זייער מפּלה אויף נאַלעווקי־גאַס זיינען די דייטשן אַריין אין דער זאַמענהאָף־גאַס זייער פאָרזיכטיק. זיי זיינען געגאַנגען צעשפּרייט, איינציקווייז, שיצנדיק זיך האַרט ביי די מויערן. מיר האָבן זיי נישט אַטאַקירט, מיר האָבן זיי געוואָלט אַריינציען וואָס מער. זיי זיינען אַדורך די גאַנצע זאַמענהאָף־גאַס. ערשט ביים ווינקל זאַמענהאָף־גאַס און מילע־גאַס זיינען זיי באַהאָגלט געוואָרן מיט קוילן און גראַנאַטן. ווען זיי האָבן זיך געוואָלט צוריקציען פון דאָרטן, זיינען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן פון הינטן דורך דער גרופּע אויף זאַמענהאָף־גאַס 29. די דייטשן זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ „קעסל", נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט אָפּצוטרעטן צוריק. די גאַנצע גאַס איז געווען פאַרלייגט מיט טויטע און פאַרוואונדעטע דייטשן. נישט קיין סך פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט. איין דייטש איז אַרומגעלאָפן אין גאַס ווי אַ משוגענער, זוכנדיק אַ וועג צום אַנטלויפן. מען האָט אים אַ וואָרף געטאָן אַ צינד־פלאַש אויפן העלם, און איין מינוט איז ער געווען אַרומגענומען מיט פלאַמען.

דער קאַמף אויף זאַמענהאָף־גאַס איז געווען אַ גרויסער נצחון פון די קעמפערס. אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה איז נישט געווען קיין איין דייטש אין געטאָ. אַזייגער 12 האָבן די דייטשן אַריינגעפירט טאַנקען. אויך דאָס מאָל האָט מען זיי געלאָזט צוקומען זייער נאָענט צו אונדזערע פּאָזיציעס און ערשט דאַן האָבן מיר זיי אַטאַקירט מיט צינד־פלעשער. צוויי טאַנקען זיינען געוואָרן אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען. די דייטשע אינפאַנטעריע־אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען נאָכגעגאַנגען האַרט נאָך די טאַנקען, זיינען אויף גיך אָפּגעטרעטן צוריק. מיר האָבן זיי פאַרשאָטן מיט אַ האָגל קוילן. יענעם טאָג זיינען די דייטשן מער נישט אַריינגעקומען אין געטאָ.

נאָך די ערשטע שלאַכטן און צוזאַמענשטויסן, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט מיטן נצחון פון די קעמפערס, האָבן די דייטשן אָנגעווענדט אַ נייע קריגס־טאַקטיק, — ברענען און חרוב־מאַכן אַלץ וואָס זיי טרעפן־אָן אויפן וועג. זיי האָבן אַריינגעפירט אין קאַמף שטאַרקע אָפּטיילונגען פון פאַרשידענע געווער־פאָרמאַציעס, אויך די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט צוליב דעם געמוזט ענדערן אירע קאַמף־מעטאָדן. אַנשטאָט קאָנצענטראַציע, גרעסערע אָנגריפן האָבן קלענערע קאַמף־גרופּעס אַדורכגעפירט אָפּטע, כמעט־אומאויפהערלעכע אָנפאַלן אויף דייטשע פּאַטרולן און קלענערע אָפּטיילונגען. דער שוץ־קעלער, אויף מילע גאַס 29, איז געווען איינע פון די גרעסטע באַזעס פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, פון וואַנען די גרופּעס זיינען אַרויס צו זייערע קאַמף־האַנדלונגען. נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז זיי זיינען צוריקגעקומען שטאַרק דעקאָמפּלעטירט. דער קאַמף־גייסט איז אָבער נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. יעדערער האָט זיך געריסן אויסצופירן די סאַמע געפערלעכסטע אויפגאַבן.

יענער שוץ־קעלער איז געווען גוט איינגעאָרדנט אינעווייניק, אַפילו אַ ראַדיאָ איז דאָרטן געווען. אין מינוטן פון רו האָבן מיר זיך צוגעהערט צו ראַדיאָ־זענדונגען פון דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן געהערט וועגן די געטאָ־קאַמפן. דאַן האָבן מיר געפילט אַ פאַרבינדונג מיט דער וועלט. אָבער אַ מינוט שפּעטער האָט מען געגעבן שיינע מוזיק. מיר האָבן פאַרשטאַנען אונדזער איינזאַמקייט און די האָפענונגסלאָזיקייט פון אונדזער לאַגע. שבת, דעם 24טן אַפּריל, האָבן אָנגעהויבן אַריינרייסן זיך פלאַמען אין שוץ־קעלער דורך די דורכריסן אין די

ווענט. מיר האָבן אים געמוזט פאַרלאָזן בליץ־שנעל. די לאַגע איז געוואָרן זייער אַן ערנסטע. אין מיטן העלן טאָג האָבן מיר געמוזט אַדורכגיין די גאַנצע גאַס מיט אַ גרופּע פון ציווילער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך געפונען אין שוץ־קעלער. אַ גרופּע פון 40 קעמפער, אונטער דער קאָמאַנדירונג פון ליוטעק (לייב ראָטבלאַט, און פאַוועל (אהרן ברוסקין) האָט געשיצט דעם אַדורכגאַנג פון די ציווילע. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן נישט אויסמיידן אַן אָפענעם גאַסן־קאַמף. מיר האָבן אָבער נישט אָנגעטראָפן קיין דייטשן אויפן וועג און זייַנען בשלום אָנגעקומען אויף מילע 9. דאָרטן האָבן מיר דערזען אַ שוידערלעכן מצב. דריי גרויסע הויפן זייַנען געווען איבערפולט מיט אַנטלאָפענע פון די ברענענ־דיקע הייזער. די ענגשאַפט איז געווען אַ שרעקלעכע. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַ געוויין פון פרויען און קינדער. מאַמעס האָבן געזוכט זייערע קינדער, מענער — זייערע פרויען. הונדערטער מענטשן האָבן זיך אַדורכגעריסן דורך דעם אייַנגאַנגס־לאָך, הונדערטער זייַנען אַדורך צוריק. אָט אין דעם מענטשן־מוראַשניק האָבן זיך געפונען אונדזערע גרופּעס. אויך מיר האָבן נישט געהאַט קיין שוץ־אָרט און קיין דאַך איבערן קאָפּ; אַ גאַנצן מעת־לעת זייַנען מיר פאַרבליבן אונטערן פרייען הימל, גרייט אָפּצושטויסן יעדן דייטשן אָנגריף.

די גרופּע, וועלכע האָט געהאַלטן וואַך ביים אַדורכגאַנג אויף מייזעלס־גאַס 4, האָט אונדז אַלאַרמירט אין עטלעכע שעה אַרום וועגן אָנקום פון די דייטשן. מיר האָבן אַרויסגעשיקט פאַרשטאַרקונגען. עס איז פאָרגעקומען אַ קורצער קאַמף. פיר דייטשן זייַנען דערהרגעט געוואָרן. די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן די מייזעלס־גאַס, דאָס פייער האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויף מילע 9. טויזנטער הימלאָזע האָבן געזוכט שוץ אין די שכנותדיקע הייזער, און מיר — צוזאַמען מיט זיי. אַ מאַסע מענטשן האָט ביי אונדז געבעטן געווער, זיי האָבן געוואָלט אַריין אין אונדזערע רייען. צום באַדויערן האָבן מיר זיי נישט געקענט אויפנעמען; עס האָט אויסגעפעלט געווער אַפילו פאַר די קאַמף־אָפּטיילונגען זעלבסט. אונד־זערע קאַמף־גרופּעס זייַנען אָנגעקומען אין שוץ־קעלער אויף מילע 18, וואו עס האָט זיך געפונען דער צענטראַל־פּונקט פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. דאָרטן איז געווען די קוואַרטיר פון דער קאָמענדאַנטור. כאָטש דער שוץ־קעלער איז געווען זייער אַ גרויסער האָט געהערשט אין אים אַ שרעקלעכע ענגשאַפט, ווייל אויסער די קעמפער האָבן זיך דאָרט געפונען עטלעכע הונדערט מענטשן פון דער ציווילער באַפעלקערונג.

די קאַמפן און צוזאַמענשטויסן פלעגן ווייטער פאָרקומען הויפּטזאַכלעך בייַנאַכט, כמעט יעדע נאַכט האָבן זיך געהערט אין געטאָ אויפרייסן פון באָמבעס און גראַנאַטן, ביקסן־זאַלפּן און געקנאַל פון מאַשין־געווער. דאָס האָבן די אי־דישע קעמפער געפירט אַ קאַמף מיט דייטשן. די קאַמף־גרופּעס פלעגן בייַנאַכט אַרומגיין איבער די אויסגעשטאָרבענע גאַסן פון געטאָ. מערסטנס האָבן די קעמ־פער געהאַט דייטשע העלמען אויף די קעפּ און ביקסן אין די הענט. דער אויס־זען האָט אָפט דעזאָריענטירט די דייטשן. אין דער צייט פון די שריפות פלעגן די דייטשן מיט אַ כיוון פאַרבאַהאַלטן זיך אין די פינצטערע געסלעך, אין שאָטן פון די מויערן, און לויערן אויף אונדז בעת מיר זייַנען געגאַנגען צווישן די פלאַמען. זיי פלעגן שיסן אויף אונדז און מיר האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פאַרטיידיקן זיך, ווייל מיר האָבן זיי נישט געזען.

ווען דער געטאָ האָט שוין אָפּגעברענט און די שריפות האָבן אויפגעהערט,

זיינען די נעכט געווען אַזעלכע פינצטערע, אַז מען האָט נישט געקענט דערזען קיין מענטשלעכן סילועט. סיי די דייטשן און סיי די אידישע קעמפער פלעגן אַרומהילן די שטיוול מיט שמאַטעס, כדי עס זאָל זיך נישט דערהערן דער אָפּהילך פון זייערע טריט. אָפט האָט מען זיך צוזאַמענגעשטויסן און ווער עס האָט באַ־וויזן צו שיסן דער ערשטער — דער איז געווען דער זיגער. שפּעטער האָבן די דייטשן מורא געהאַט צו גיין ביינאַכט אין די געטאָ־געסלעך. זיי זיינען געשטאַנען אין פאַרבאַרגעניש און געשאָסן צו יעדן, וואָס האָט זיך דערנעענטערט צו זיי. אַזוי זיינען געפאַלן עטלעכע מוטיקע קעמפער, וועלכע האָבן פּאַטרולירט אין די געטאָ־גאַסן. דעם טאָג פון אַרבעטער־יום־טוב, דעם ערשטן מאַי, האָבן מיר באַשלאָסן צו פייערן אויף גאָר אַ באַזונדערן אופן. דאָס מאָל זיינען מיר אַרויס צום ערשטער־מאַי־אַנגריף נישט ביינאַכט נאָר בייטאָג. עטלעכע קאַמף־גרופּעס האָבן געלויערט אויף די דייטשן אין די גאַסן און אין די הייזער. אונדזער יאַגד איז אָבער נישט געווען קיין פאַנגרייכער. אין געטאָ זיינען געווען זייער ווייניק דייטשן. פונדעסטוועגן איז אין יענעם טאָג אומגעקומען אַ געוויסע צאָל דייטשן פון די הענט פון אידישע קעמפער. באַזונדערס האָט זיך דאַן אויסגעצייכנט דער בעסטער שיסער פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע — „קאָזאַ" (יצחק סוקניק). ער האָט דערשאָסן 4 דייטשן.

און ס'איז געקומען אַ טאָג, ווען דער טויט האָט זיך אָנגערוקט אויך אויף דער צענטראַלע פון די קעמפער. שבת, דעם 8טן מאַי, האָבן די דייטשן אַרומגע־רינגלט דאָס הויז און אָנגעהויבן אַ קאָנצענטרירטן שטורעם־אַנגירף אויפן שוץ־קעלער. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין אַלע פינף איינגאַנגען, וועלכע האָבן גע־פירט צום שוץ־קעלער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נישט־געאָרדנטע שיסעריי פון ביידע זייטן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן די דייטשן אַריינגעוואָרפן אין אַלע איינגאַנגען גאַז־באָמבעס. ווען ס'איז געקומען דער לעצטער מאָמענט, האָט יורעק, איינער פון די קאָמענדאַנטן פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אויפגעפאָדערט די קעמפער, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון די דייטשע רוצחים. צענדליקער קעמפער האָבן אָפּגעגעבן דעם לעצטן שאָס — זיך אין אייגענעם שלייף. איינעם מאָסן־קבר אויף מילע 18 איז ליגן־געבליבן דאָס שענסטע פון דער חלוצישער יוגנט. ווייניק זיינען מיר פאַרבליבן לעבן. פאַר אונדז, די לעצט־פאַרבליבענע, איז אַלץ געווען פאַרענדיקט. נישט קענענדיק ווייטער קעמפן האָבן מיר געזוכט אַן אויסוועג. דערשלאָגענע דורך דער שרעקלעכקייט פון דער טראַגעדיע האָבן מיר במשך לאַנגע שעהן אָפּגעוואַרט דאָס אָנקומען פון דער נאַכט. די נאַכט האָט געבראַכט די לעזונג. עס איז אָנגעקומען אונדזער פאַרבינדלער פון דער אַרישער זייט מיט דער ידיעה: „די אויטאָס צום קאַנאַל־אויסגאַנג וואַרטן".



יצחק קאַצענעלסאָן

# מיט חלוצים

אָ, פרעגט ניט קיינער, ניט דערמאָנט מיר מער די מילא־גאַס, ז׳איז פול
געווען און איז געוואָרן באַלד צונישט.
איבער הונדערט טויזנט יידן זיינען דאָרט געווען מיט קלומיקלעך, מיט
רענצלעך אויף פּלייצעס און אין הענט,
און אין די קלומיקלעך אַ העמד, אַ האַנטוך, ברויט אַ שטיקל מיט קינדער
קליינע אויסגעמישט,
בלאַסע ווי די לייוונט, טרוקן ווי די שטיקלעך ברויט אין זיי, און שטום,
פאַרשטומט ווי ווענט.

ס׳האָט ניט געהאָלפן גאָרנישט, מען האָט זיי אָלעמען געפונען
אויסגעפונען, זיי דערטאַפּט
טיף אין די קעלערן, אויף בוידעמער באַהאַלטן, אויף פּאָליצעס
פאַרשטויבט, אין בערגלעך מיסט,
און אומעטום. די מילא־גאַס איז פול געווען מיט אונדז. וואָס קומט
אַרויס: געבליבן זיינען קנאַפּ!
מען האָט אונדז אויסגעשאָסן אויפן אָרט און צום טויט אַרויסגעפירט
אין וועגן וויסט.

אַ קליינער טייל פון אונדז האָט אומגעקערט אין שאָפּ זיך, אויף דער
נאַוואָליפּיע און דער לעש,
איך האָב געדרייט די שפּול־ראָד, מיין זון, איינציק מיר געבליבענער,
ז׳געשטאַנען שטום ביי אַ מאַשין.
די שאָפּ, — אָ, ווינקלען מיאוסע פון אַ מזבח אומריין, צוואַנציק טויזנט
אידן קלאַמערן זיך נאָך אָן אייך, די רעשט
אין געטאָ... ווער ס׳האָט אין יענע טעג דעם געטאָ נישט געזען! ווער
ס׳האָט נישט דאָן פאַרבלאָנדזשעט דאָרט אַהין!

מען האָט געוואוינט אין מיסטקאַסטנס. אין גאַס איז ווארעם נאָך און אין
דער וואוינונג פרעמד —

ס׳האָט קיינער אין זיין וואוינונג ניט געוואוינט, און ס׳האָט אין וואוינונגען
אומהיימלעך ג׳יאָגט אַ קעלט,
מען האָט דאָס אָרעמע געקעכטס געגעסן פון אַ פרעמדן טעלער, געטראָגן
נישט דאָס אייג׳נע העמד,
אין בעטן פרעמדע קאַלט און הארט געלייגט זיך... אָ, בעטן פרעמדע,
אין אַ פרעמד געצעלט!

כ׳האָב אָפט זיך איינגעשטעלט, אַרויסגעריסן זיך פון שאָפּ, געשמוגלט
זיך געהיים דורך גאַסן לער,
אַריינגעגנבעט זיך אין געטאָ, כ׳האָב צוגעזען אַ לעבן דאָרט, דאָס לעבן
גרויליק אויף אַ וויַיל,
צו וואָס? צו ווען? כ׳האָב פריינט געהאַט דאָ נאָענטע — איך האָב זיי
קיינעם שוין ניט מער!
כ׳האָב אין געאייל אַריינגעריסן זיך אין געטאָ און ריים אַרויס פון דאָרט
זיך אין געאייל!

כ׳האָב פריינט געהאַט דאָ, נאָענטע, שרייבער אידישע און מוזיקער און
מאָלער — נישטאָ זיי קיינעם שוין,
מען האָט זיי אַלע אויסגעהרגעט, הלל צייטלינען — מען האָט אין טלית
אים, צום אומשלאָג אים פאַרשלעפּט,
און אויפן אומשלאָג אים דערשאָסן. ישראל שטערן! גילבערט —
בריליאַנטן גרויס אין אונדזער קרוין —
וואַרשאַווסקים! דאַווידאָוויטשעס! זשאַק לעווים און אָסטשעגאַס —
אָ, קרוינען שטאָלץ אויף אידישע אויף קעפּ!

און אין אַ וואָך אַרום — און כ׳גנבע זיך אַריין אין געטאָ ווידער... איך
האָב דאָרטן צוקערמאַנען, יאָ!
יצחק צוקערמאַנען האָב איך, צביהן האָב איך — די שענסטע און די
בעסטע אויף דער ערד!
חלוצים! יאָ! ווער זאָגט: מיר האָבן אַלץ אויף דר׳ערד פאַרלוירן שוין?
חלוצים זיינען דאָ!
ס׳איז דאָ אַן אינהאַלט נאָך, אַן אָנהאַלט... איך ווייז ניט, ניין, די אויגן
זיינען מיר נאָר קוים פאַרטרערט.

יצחק! ר׳האָט יענע וואָך געבראַכט אַ גרוס פון קראָקוי מיר: לאַבאַן!
לאַבאַן דער חלוץ האָט

אַ באַריכט אים אָפּגעגעבן וויפל אָפּיצירן פון עס־עס מען האָט
אַוועקגעלייגט... אַ גרוס,
און ביים באַריכט — „הענט הויך!" לאַבאַן אין אָפּיצירן־מאַנטל
ז'אַרעסטירט, יצחק אַנטלויפט, דרייט פרעמד אין שטאָט
אַרום זיך, מיט אַ פּוס אַדורכגעשאָסן, ס'בלוט רינט אין שטיוול... יצחק!
ליגט, ליגט! וואָס מאַכט דער פוס?

דאָס איז געווען דער זיבצנטער יאַנואַר, יאָר דריי און פערציק, איך בין
געבליבן דאָרט די נאַכט,
און אַז ס'האָט אָנגעהויבן קוים צו טאָגן — בעסער ווען עס וואָלט ניט
ווערן שוין, ניט קיינמאָל טאָג!
איך בין אַרויס אין גאַס, געגרייט אין וועג זיך, פון זאַמענהאָף אויף
נאָוואָליפּיע — דער געטאָ איז פאַרמאַכט!
עס־עס צעיאָגט אונדז: צריק! ס'קומען אָן זשאַנדאַרמען, הויך די ביקסן,
צעשטעלן זיך אין יעדן ראָג.

שוין ווידער! ווידער? וואָס קען שוין זיין דאָ ווידער? עס איז דאָך
אויס מיט אונדז! אַך, ס'ווערט מיר קאַלט און הייס,
איך גיי צוריק צום זון, צו די חלוצים... זיי ווייסן שוין, ס'האָט ווער פון
דרויסן שוין געבראַכט די נייס....
צביה! זע, יצחק, ער אויך איז אויף די פיס, אויף דעם געזונטן און דעם
דורכגעשאָסענעם — ווער ווייס
צי ס'רינט דאָס בלוט פון אים ניט אין דעם שטיוול?... ר'האָט מיך
דערזען און איז פון בלאַס געוואָרן ווייס

ווי קאַלך... ר'זענט ווייס ווי קאַלך, יצחק! איך האָב'ס אים ניט
געזאָגט... ער רופט אַ חלוץ צו — „גיי גלייך
און זוך אַ בונקער אויף דאָ אין דעם הויף און פיר אַריין זיי!" איך
נעם יצחקן פאַרן האַנט אָן — „הער,
יצחק!" און איך דריק אים פעסט די האַנט, ער רויטלט זיך... „יצחק!
איך וויל דאָ זיין מיט אייך,
צביה — אויב ער וויל... ער אויך! ער וויל ניט גיין... יצחק!" און
ס'קומט אַריין אַ חלוץ און פאַרטיילט געווער.

פאַר מיר איז ניט געווען, גאָר נישט... נאָר ס'איז פאַר מיר, פאַר מיר
געווען אַלץ! הגם צו שפּעט...

ניין, ניין! ס'איז קיינמאָל ניט צו שפּעט! דער לעצטער איד — קוים
ליגט אַוועק ער אַ רוצח ראַטעוועט זיין פאָלק!
מען קען אַ פאָלק אַן אויסגעהרגעטן שוין ראַטעווען דאָך אויך... ראַטעוועט!
איך האָב צו זיי גערעדט,
איך האָב געשטאַרקט זיי, יאָ! אי זיי אי מיך געשטאַרקט, איך האָב
צו זיי גערעדט, געוואונטשן זיי דערפאָלג.

זיי האָבן זיך צעשטעלט, חלוצים אויף דער וואַך, האַרט ביי דער טיר,
אין אַלקער און העכער אויף אַ טרעפּ,
לעם פענצטער האָט ווער אויסגערופן שטיל אַלץ וואָס אין גאַס קומט
פאָר, איך האָב געקוקט פאַרשטיינערט אין אַ שויב,
זי איז אַרוים צום אומשלאַג... ווי מיר, מען פירט זיי שוין פאַרשוויגענע,
אַראָפּגעלאָזן טיף די קעפּ
אָ, אידן מיינע, לעצטע מיינע פון מיין פאָלק, פאַרוואָס בין איך ניט
בלינד? פאַרוואָס בין איך נישט טויב?

שאָט, אַ געלאָף, זשאַנדאַרמען צוויי אַנטלויפן לענג אוים די גאַס, ס'קומען
צוריק באַלד מער, זיי צינדן אונטער אַ געביי,
אַ הייזל קליין צעפלאַקערט זיך אַנטקעגן מיינע פענצטער, אַ פייערלעשער
שלעכט אָנשטאָט צו לעשן — בלאָזט
די פלאַם פונאַנדער, ר'גייט צום דייטש צו, רעדט צו אים אויף פויליש:
דאָ האָבן זיך באַהאַלטן גאַנצע דריי!
מען שלעפּט אַרוים זיי — און ס'רויטלט זיך דער שניי ווייס און ס'רויכלט
וואַרעם זיך אין פראָסט.

שאָט, שאָט! מען איז שוין דאָ ביי אונדז! איך זע דאָס פּנים ניט פון
דייטש, זיין פּלייצע נאָר,
ס'האָט קיינער אים, דעם דייטש, אין פּלייצע ניט געשאָסן, ער האָט
אַ קויל באַקומען אין דער ברוסט,
עס פאַלט דער צווייטער אויך — „די יודען שיסן!" האָט באַוויזן ווער
פון זיי דערשטוינט אַ רוף טאָן, יאָ, טאַקע וואָר!
זכריה, דו! און אליעזר, דאָ — חלוצים! און אויף דער ניזקא —
שומרים. יאָ, איר, איר! זיי האָבן ס'ניט געוואוסט...



# בריוו פון החלוץ אין פוילן צו דער הסתדרות אין ארץ־ישראל

וואַרשע, 15טער נאָוועמבער, 1943

צו (י.) טאַבענקין, (מ.) יערי, (א.) דאָבקין — הסתדרות העובדים

שרייבנדיק די דאָזיקע ווערטער, גלויבן מיר נישט, אַז מיר וועלן זיך נאָך ווען־עס־איז זען. ביים היינטיקן טאָג זיינען פון די דריי און אַ האַלב מיליאָן פוילישע אידן איבערגעבליבן קוים צוויי הונדערט טויזנט. ווען איר וועט באַקומען אָט דעם בריוו, וועלן מן־הסתם פאַרבלייבן ביים לעבן נישט מער ווי אַ העלפט פון זיי. אין דער לעצטער וואָך אַליין זיינען ליקווידירט געוואָרן די לאַגערן: אין טראַווניקי, פּאָניאַטאָוואָ, און לובלין. אַ פערציק טויזנט אידן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן.

אונדזערע ליידן וועט איר נישט פאַרשטיין, אָדער איר וועט נישט גלויבן, אַז דאָס געשעט טאַקע אַזוי, — כדי צו פאַרשטיין אַזוינס זייענדיק אין לאָנדאָן אָדער אין תל־אביב, מוז מען האָבן אַ קרענקלעכע פאַנטאַזיע. אַלע אידישע לעבנס־געמיינשאַפטן זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד־פּלאַך. זייערע איינוואוינער זיינען אומגעקומען אין די מאָרד־לאַגערן אין טרעבלינקע, סאָביבאָר, בעלזשעץ און אָשוויענטשים.

כדי עס זאָל פאַרבלייבן אַן אָנדענק פון די וועלכע האָבן מיט געווער אין האַנט געקעמפט קעגן שונא, שרייבן מיר אייך וועגן די לעצטע טעג פון פוילישן החלוץ און פון זייערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס — דרור (פרייהייט־החלוץ הצעיר), השומר הצעיר, עקיבא, גורדוניה. די געשיכטע פון החלוץ אין אָט דער תקופה איז אין אַ גרויסער מאָס אויך די געשיכטע פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. אין דער ערשטער צייט פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע האָבן עקזיסטירט הונדערטער אונדזערע אָרגאַניזאַציע־קעמערלעך אין די אידישע ישובים.

פינף קיבוצים זיינען געווען אין וואַרשע — צוויי פון זיי, אויף דער אַרישער זייט — „גראָכאָוו" און „טשערניאַקאָוו"; דריי — אין טשענסטאָכאָוו; צוויי — אין ביאַליסטאָק. עס זיינען אויך געווען קיבוצים אין ווילנע, זשארקי, אָסטראָוויץ

הרוביעשאָוו און בענדין.[1] אויסער דעם האָבן מיר געהאַט אַ גרעסערע צאָל לאַנדווירטשאַפטלעכע פּונקטן פאַר סעזאָן־אַרבעטן.

אונדזערע קיבוצים זיינען שפּעטער געוואָרן די נעסטן פון אַקטיוון ווי־דערשטאַנד אין אַלע שטעט. אויב דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד בעת דער ערשטער ליקווידירונגס־אַקציע אין געטאָ — אין יולי־סעפּטעמבער 1942 — איז געווען אַזאַ קנאַפּער, טראָגן מיר די ווינציקסטע שולד דערפאַר. עס האָבן געווירקט פאַרשידענע פאַקטאָרן: אויסערלעכע און אינערלעכע.

אויב די צווייטע „אַרויסשיקונגס"־אַקציע, אין יאַנואַר 1943, און באַזונדערס די ענדגילטיקע ליקווידירונגס־אַקציע אין וואַרשע, אין אַפּריל 1943, און אויך די ווייטערדיקע אַקציעס אין ביאַליסטאָק און אין ווילנע און אין טשענסטאָכאָוו זיינען אַריין אין אונדזער לעגענדאַרישן פריהייטס־קאַמף — איז דער פונדאַמענט געווען דער האַפּענונגסלאָז־העלדישער קאַמף פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַני־זאַציע, פאַר וועלכן אונדזער באַוועגונג האָט באַצאָלט מיטן בלוט פון כמעט אַלע אונדזערע מענטשן — קאָמענדאַנטן און זעלנער פון דער קאַמף־אַקציע.

פון וואַרשע האָבן מיר אָרגאַניזירט די אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין די אַנדערע שטעט. אונדזערע שליחים האָבן אומעטום אָרגאַניזירט די יוגנט צום באַוואָפנטן קאַמף און זיי אַליין זיינען געפאַלן אין די דאָזיקע קאַמפן. אין דער ליסטע, וואָס מיר שיקן אייך דאָ, געפינען זיך נאָר נעמען פון אונדזער צענטראַלן אַקטיוו, וועלכער איז אומגעקומען אין קאַמף מיטן אָקופּאַנט. אברהם געוועל־בער[2] וועט אייך העלפן פונאַנדערקלייבן זיך אין די נעמען פון די אויסגערעכנטע מענטשן.

ביאַליסטאָק: מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף, צבי מערסיק, חנה (חנוך) זשע־לאַזנאָגורא, צבי ראָזענטאַל, רופּטשאַק פון סוכאָוואָליע (ראובן ראָזענבערג), זרח (זילבערבערג), חיהקע.[3]

---

1 די חברים פונעם קיבוץ אין זשאַרקי זיינען שפּעטער אַריבערגעפירט געוואָרן, טיילווייז אין טשענסטאָכאָווער קיבוץ און טיילווייז אין בענדינער קיבוץ. די חברים פון קיבוץ אין אָסטראָוויעץ זיינען אַריבער — איין טייל אַלס קאַמף־גרופּע פון „דרור" צו דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין קראָקע, און אַ צווייטער טייל, אונטער דער אָנפירונג פון בערל ברוידע, צו דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע. די חברים פון קיבוץ אין הרוביעשאָוו האָבן דערנאָך געבילדעט די „ערשטע פּאַרטיזאַנקע". (אַזוי האָט מען אין פּוילישן דיאַלעקט גערופן די פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג) אין די הרובישאָווער וועלדער, און אַלע ווי איינער זיינען זיי אומגעקומען צוזאַמען מיט דער גרויסער גרופּע „דרור"־קעמפער פון וואַרשע, וועלכע זיינען געקומען צו זיי אויף פאַרשטאַרקונג. דער קיבוץ אין גראָכאָוו (אַ 7 קילאָמעטער פון וואַרשע) איז באַנייט געוואָרן אָנהייב 1940, האָט אָבער שפּעטער געמוזט ליקווידירט ווערן.

2 אַן אַקטיווער החלוץ־טוער, וועלכער איז אין אָנהייב פון דער מלחמה אָנגע־קומען קיין ארץ־ישראל. איצטער געפינט ער זיך אין קיבוץ משמר־הים.

3 דאָס ווערט געמיינט חיהקע גראָסמאַן. זי איז אַריינגענומען געוואָרן אין דער ליסטע, ווייל די שליחים האָבן זי דעמאָלט נישט געפונען און זיי האָבן געמיינט, אַז זי לעבט נישט.

בענדין: הערש שפּרינגער, פּרומקע פּלאָטניצקא, צבי בראַנדעס.

וואָלין: עדעק (יצחק) גאָלאָוונער, פיש לאה, שוואַרץ שיינדל, רחל פּאָגעל־מאַן, אייזענבערג דוד, הירש פּלאָטניצקי.

ווילנע: אבא קאָווגער.

טשענסטאָכאָוו: רבקה גלאַנץ, מאָניעק וויניצקי, סלאָמניצקי נטע, גליקמאַן יהודה (געמיינט: גליקשטיין יהודה).

קראָקע: דאָלעק (אהרן) ליבעסקינד, לאַבאַן לייבאָוויטש (אברהם לייב), שימעק (שמעון) דרענגער, יצחק סימפּלאַק.

אין אָשוויענטשים געפינען זיך: בעלא פון ראָזשישטש [4] — בענדינער קיבוץ, חוהקע פּאַלמאַן, לאָנקא קאָזשיבראָדזקא — לעבט נישט.

אין וואַרשע: חנהטשע פּלאָטניצקא, גדליה גרשוני, יוסף קאַפּלאַן, ישראל זעלצער, לויטעק (לייב) ראָטבלאַט, מרדכי אניעליעוויטש, לאה פּערלשטיין, בערל ברוידע, שאול דאָבוכנאָ, מאַרעק (מאָטל) פּאַלמאַן, שרה גראַנאַטשטיין, ברעסלער (בראַסלאַוו) שמואל, רובענטשיק משה, טעמא שניידערמאַן, גוטקאָווסקי (אליהו), רייכגעווירץ מאָניעק, צאַמערעט חדוה (וואכנהויזער צמרת), מרים היינסדאָרף, מירא פירער (מירא פוכרער), יהודה וועגנגראָווער, טאָסיא אַלטמאַן, אַריה ווילנער, שעלובאָווסקא שרה [5], שמעון העלער.

די ליסטע איז נישט קיין פולע. היט זייער אָנדענק.

ביז צום היינטיקן טאָג פירן מיר אַן אַקטיווע צוזאַמענאַרבעט מיטן אידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט און מיט דער קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע פונעם אידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט און פונעם „בונד”, וואָס מיר זיינען געווען זייערע שעפער און איניציאַטאָרן אין דער אַקציע פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד און אויך אין דער הילף־אַקציע.

אין 1942 זיינען אַרויסגעפאָרן קיין סלאָוואַקיע אַ 50־60 אונדזערע מענטשן. דאָרטן האָט זיי אָנגעטראָפן אַ ליקווידירונגס־אַקציע. אַ טייל פון זיי האָט זיך אַדורכגעשמוגלט קיין אונגאַרן. ווער פון זיי האָט זיך דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל?

מיר באַמיען זיך ווידער אַרויסצושיקן אַ געוויסע צאָל אידן קיין אונגאַרן. ד״ר שוואַרצבאַרט האָט אונדז געשריבן וועגן פאַרבינדונגען מיט בודאַפּעשט. צי דאַרפן מיר דערוואַרטן קאָנקרעטע הילף פון דאָרטן?

לייענענדיק אונדזער בריוו זאָלט איר נישט מיינען, אַז מיר האָבן זיך גייסטיק איינגעבראָכן אָדער מיר זיינען אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. מיר

---

4 בעלא (בראָניא) חזן פון ווילנע, זי האָט אַדורכגעפירט אונטערערד־שליחותן אין די ערשטע יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע אין גראָדנע, ביאַליסטאָק א. אַ. ערטער. דעם 12טן יולי 1942 איז זי אַרעסטירט געוואָרן אין מאַלקינא, ביי ביאַליסטאָק, און זי איז געווען אַרעסטירט, אַלס אַריערין, פריער אין דער „פּאַוויאַק”־טורמע אין וואַרשע און דערנאָך — אין אָשוויענטשים. זי איז געראַטעוועט, געקומען קיין ארץ־ישראל.

5 על־פּי־טעות איז זי אַריינגענומען געוואָרן אין דער ליסטע פון געפאַלענע. זי איז געראַטעוועט.

קוקן נאָר ניכטער אויף דעם אומפאַרמיידלעכן גורל. מיר ווייסן, אַז איר וואָלט געטאָן אַלץ כדי צו ראַטעווען אונדז. מיר ווייסן אויך, אַז איר זייט מאַכטלאָז. עס איז אונדז לייכטער צו שטאַרבן ווייסנדיק, אַז עס וועט זיין אַ פרייע וועלט און גלויבנדיק, אַז ארץ־ישראל וועט ווערן דאָס היימלאַנד פון אידישן פאָלק.

אייערע צביה (לובעטקין), יצחק (צוקערמאַן)

וואַרשע. דעם 15טן נאָוועמבער 1943.

פּ. ס.

אליעזר געלער איז אַרויסגעפאָרן אינעם לאַגער פאַר אויסלענדישע אידן אין בערגען ביי האַנאָווער (בערגען בעלזען). מיר האָבן נישט פון דאָרטן קיין שום ידיעות. גיט־צו־וויסן אהובה לובעטקין אין בן־שמן און שרה צוקערמאַן אין רמת־הכובש, אַז מיר לעבן.



אַן אַלגעמיינער בליק אויף דעם חרובן געטאָ

הירש וואַסער

# די געטאָ־אַרכיוון פון דר. עמנואל רינגעלבלום



ד״ר עמנואל רינגעלבלום

ד״ר עמנואל רינגעלבלום איז געווען דער איניציאַטאָר און גרינדער פון דעם וואַרשעווער געטאָ־אַרכיוו, וועלכער איז איצט דער וויכטיקסטער אינפאָרמאַציע־קוואַל פאַר דער פאָרשונג פון דעם חורבן און אויפשטאַנד פון וואַרשעווער אידנטום. די קאָנספּיראַטיווע אַרבעט פון זאַמלען די מאַטעריאַלן פאַר דעם אַרכיוו איז געפירט געוואָרן אין געטאָ אונטער דעם פסעוודאָנים פון אַ „עונג שבת געזעלשאַפט". ד״ר רינגעלבלום איז דעם 14טן מערץ 1944 דערשאָסן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. דער אַר־כיוו, וועלכן ער האָט געגרינדעט, איז אין סעפּטעמבער 1946 אויסגעגראָבן געוואָרן פון אונטער די געטאָ־חורבות און אַ טייל פון אים געפינט זיך איצט אין ישראל.

שבת, דעם 22טן נאָוועמבער 1940, האָט דר. עמנואל רינגעלבלום אויפגע־נומען אין זיין דירה אין וואַרשע, אויף לעשנאָ גאַס 18, מנחם מ. קאָהן, שמואל לעהמאַן, יהושע ראַבינאָוויטש, ל. ל. בלאָך, ב. סוקעניק און דעם שרייבער פון די שורות. ביי דער באַגעגעניש און ביי די וייטערדיקע צוזאַמענקונפטן פון פּראָפעסיאָנעלע מענטשן, זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די אַלגעמיינע פּרינציפּן פאַר דער טעטיקייט פון דער „עונג שבת געזעלשאַפט".

דער הויפּט־פּרינציפּ איז געווען צו זאַמלען און צו פאַרצייכענען אַלץ וואָס קומט פאָר. ס'איז קיין צייט נישט געווען אויף צו סאָרטירן פאַקטן און אויף

אויסצואַרבעטן סינטעזן. כדי דער מאַטעריאַל זאָל זיין אַנגעמבאַר, האָט ער נאָר געמוזט זיין אויטענטיש. ס׳איז געווען פון העכסטער באַדייטונג אַז די צוקונפ־טיקע היסטאָריקער זאָלן האָבן צו זייער דיספּאָזיציע מאַטעריאַלן, וועלכע זיינען פאַרצייכנט געוואָרן מיט אַבסאָלוטער פּרעציזקייט. דער עצם־פאַקט וואָס מיר, די אידן וואָס האָבן געלעבט אין די אָקופּירטע געביטן, האָבן זיך געפונען אין אַ פּרעצעדענטלאָזער לאַגע אין דער געשיכטע, האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט אַ גרויסע אַחריות. די צייט איז נישט געווען פּאַסיק אויף צו מאַכן פאַרשיידענע היפּאָטעזן און אויף צו פאַרגלייכן איינע מיט דער אַנדערער. אין יענע שרעקלעכע צייטן, אין וועלכע עס איז אונדז אויסגעקומען צו לעבן, איז אומבאַדינגט נויטיק געווען צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן אידישן פאָלק, וואָס קענען זיין ווערטפול, און אַלע פאַרטייען און אידישע קעמפער זיינען מחוייב געווען מיטצואווירקן אין דער בשותפותדיקער אויפגאַבע. עמנואל רינגעלבלום, אַליין איינער פון די פירער פון די לינקע פועלי־ציון אין וואַרשעווער געטאָ, האָט בכיוון אויסגע־ברייטערט דעם פאַרנעם פון די אַרכיוון, וויסנדיק וואָס דער ענטגילטיקער ציל איז געווען. ער איז אַנטשלאָסן געווען אַז „עונג שבת״ זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן בלויז אין די אַרכיוון פון איין פאַרטיי. די דאָזיקע הנחה איז געווען דער צווייטער גרונד־פּרינציפּ פון די געטאָ־אַרכיוון. די טיר איז דעריבער ברייט אָפן געווען פאַר יעדן איינעם וואָס האָט אויפריכטיק געוואָלט מיטאַרבעטן. אַזוי אַרום זיינען צווישן די מיטאַרבעטער און רעפּאָרטער פון דער „עונג שבת גע־זעלשאַפט״ געווען מיטגלידער פון אַלע קלאַסן, און מענטשן מיט פאַרשיידענע און אָפט קעגנגעזעצטע איבערצייגונגען. דאָס האָט געפירט צו אַן אויסברייטע־רונג פון איר פאַרוואַלטונג און אָנהויב 1941 זיינען די פאָלגנדע באַשטימט געוואָרן אַלס מיטגלידער: ע. רינגעלבלום, מ. מ. קאָהן, א. גוטקאָווסקי, הרב שמעון הובערבאנד, ה. וואסער, אברהם לעווין, שכנא זאַגאַן, י. גיטערמאַן, אַלעק־סאַנדער לאַנדאו, ד. גוזיק און שמואל ברעסלאו. די ערשטע זעקס זיינען געווען די עקזעקוטיווע. די אַנדערע מיטאַרבעטער זיינען געווען: ב. טייטלמאַן, נתן סמאָלאַר, לייב גאָלדין, פּרץ אָפּאָטשינסקי, ישראל וויניק, וו. פעלדוואורם, שולמית אָסטראָווסקי, יוסף קאַפּלאַן, יהודה ווענגראָווער, ריטא קראָוס און בלומע וואַסער.

נאָך אַ גרונד־פּרינציפּ פון דער „עונג שבת געזעלשאַפט״ איז געווען די דערמוטיקונג פון פאַרבאָרגענע שעפערישע כוחות אין דער געזעלשאַפט, רעספּעקט פאַר דעם געשריבענעם וואָרט, אַ געפיל פון אַחריות און אַ דראַנג צו פאַרנעמען זיך מיט אַנטי־היטלעריסטישער טעטיקייט.

אונטער וועלכע באַדינגונגען האָבן די געטאָ־אַרכיוון פונקציאָנירט, זיך אַנט־וויקלט און געווירקט? דער טויט איז געווען דער שטענדיקער באַגלייטער פון זיינע מיטאַרבעטער. דער דייטשער אָקופּאַנט האָט געזייט טויט אַרום זיך, וואו נאָר ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף דעם קלענסטן שפּור פון ווידערשטאַנד ועל אחת כמה וכמה, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָרגאַניזירטע אַנטי־היטלעריס־טישע טעטיקייטן. בייטאָג און ביינאַכט האָבן יעדן מיטאַרבעטער געדראָט די גרעסטע געפאַרן, פון וועלכע דער טויט איז געווען דער מילדסטער. דער דאָ־זיקער מצב האָט אויסגעשלאָסן די ווערבירונג פון מיטאַרבעטער אויף אַ גרויסן פאַרנעם. יעדער מאַן און פרוי האָט געמוזט ביזן סוף זיך האַלטן פעסט, ווייל די געפאַר פון פּראָוואָקאַציעס, מסירות און די געסטאַפּאָ האָבן געלויערט אויף

יעדן שריט און טריט. דאָס פאַרענטפערט פאַרוואָס די אָרגאַניזאַציע האָט פון סאַמע אָנהויב אָן פאַרגעצויגן מוותר צו זיין אויף דער מיטאַרבעט פון אַ צאָל מענטשן, וועמענס מיטאַרבעט וואָלט פון אָביעקטיוון שטאַנדפּונקט געווען זייער ווערטפול. דאָס פאַרענטפערט אויך די אַנאָנימקייט פון די דאָקומענטן, ווייל דער דורכפאַל פון אַ יחיד האָט געקענט פירן צו אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער גרופּע אַלס גאַנצע — דעם פאַרלוסט פון „עונג שבת" און זיין בשותּפותדיקן אייגנ־טום.

יעדער מיטאַרבעטער האָט געמוזט דורכמאַכן עטלעכע עקזאַמענס כדי אָנ־גענומען צו ווערן און אַפילו די מענטשן פון דער אינטימער פאַרוואַלטונג האָבן נישט געוואוסט ווער ס'איז געווען דער ממונה אויף דער זאַמלונג גופא. ישראל ליכטענשטיין, דער מענטש וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער טעכנישער זייט פון דער אונטערנעמונג, האָט נישט געהאַט קיין קאָנטאַקט מיט די אַנדערע מיטאַרבעטער. די איינציקע מענטשן וואָס זיינען געשטאַנען מיט אים אין פאַרבינדונג זיינען געווען גוטקאָווסקי און דער שרייבער פון די שורות.

די רינגעלבלום־אַרכיוון זיינען פאַרהעלטניסמעסיק אָרעם אין אָריגינעלע דייטשע דאָקומענטן, אויף וועלכע די פאָרשונג פון דער נאַצי־תקופה איז בדרך־כלל באַזירט היינט־צו־טאָג. די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון „יודנראַט" און דער „דזשאָינט" זיינען געווען צוויי אידישע קערפּערשאַפטן, וואָס האָבן צוליב זייערע פונקציעס געמוזט אָנהאַלטן קאָנטאַקט מיט די דייטשן. נאָך לאַנגע וויכוחים, זיינען די פאַרוואַלטער פון „עונג שבת" דערגאַנגען צו דער מסקנה אַז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס, ווי אַלע אָפיציעלע קערפּערשאַפטן, האָבן געהאַט זייערע אייגענע דאָקומענטן און אַז אַלע „לעגאַלע" בריוו, מעלדונגען, באַפעלן און אַנדערע אָפיציעלע דאָקומענטן וועלן אויף איין וועג אָדער אויף אַ צווייטן אַריינפאַלן אין די הענט פון אידישע פאָרשער, אומאָפּהענגיק פון דעם גורל פון דער אי־דישער באַפעלקערונג.

פונדעסטוועגן, האָט מען זיך עטלעכע מאָל געווענדט צום „יודנראַט" וועגן קריגן קאָפּיעס אָדער די אָריגינאַלן גופא פון ספּעציעל וויכטיקע דאָקומענטן. ווי עס איז אָבער געווען צו דערוואַרטן, זיינען די דאָזיקע פאָדערונגען נישט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. די מיטגלידער פון וואַרשעווער „יודנראַט" האָבן באַהויפּ־טעט, אַז עס האָט נישט קיין זין צו זאַמלען ביוראָקראַטישע דאָקומענטן, ווייל אונטער די עקזיסטירנדיקע אומשטענדן איז דאָס געפערלעך פאַר דער אידישער קהילה אַלס גאַנצע. געווען איז דאָס נאָר אַן אויסרייד, דורך וועלכן זיי האָבן זיך באַמיט צו באַוואָרענען זייערע אייגענע געוויסנס. ענדלעך האָבן זיי אָבער צוגעשטימט צו געבן די אַרכיוון אַ באַגרענעצטע צאָל קאָפּיעס פון געוויסע טיילן פון זייער קאָרעספּאָנדענץ. ביז צו דער גרויסער „אויסזידלונג", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 20טן יולי 1942, האָט זיך די „עונג־שבת געזעלשאַפט" קאָנ־צענטרירט אויף גאַנץ אַנדערע טעטיקייט־געביטן, ווי אויף קאָפּירן אָפיציעלע קאָרעספּאָנדענץ.

נאָך דער אויבנדערמאָנטער דאַטע איז אָבער פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג, ווייל יעדעס שטיקל פּאַפּיר, ספּעציעל יעדער דייטשער דאָקומענט, האָט עדות געזאָגט אויף דער מאַסן־פאַרניכטונג. דאָס האָט געענדערט די באַ־ציאונג פון די רינגעלבלום אַרכיוון צו דייטשע דאָקומענטן און זיי זיינען אַרומ־

געזוכט געוואָרן פאַר יעדן פּרייז. אין פאַרלויף פון יענעם צייט־אָפּשניט זיינען געזאַמלט געוואָרן קאָמפּלעטע עקזעמפּלאַרן פון פּלאַקאַטן, קאָפּיעס פון דייטשע בריוו, ביולעטינען און אָפיציעלע פאָרמען.

האָט די „עונג־שבת געזעלשאַפט" באַגרענעצט אירע טעטיקייטן צום וואַרשעווער געטאָ? אויבנאויפיק וואָלט זיך געקענט אויסדאַכטן אַז יאָ. מען מוז דערביי געדענקען אַז די פאַרשיידענע אידישע קהילות זיינען אַלע געווען פאַרמאַכט אונטער זייערע געטאָ־מויערן און אַז די פאַרבינדונג צווישן זיי איז געווען אַ זעלטענע און געפערלעכע. דער אָקופּאַנט האָט גוט געזאָרגט דערפאַר אַז יעדע קהילה זאָל זיין פאַרנומען מיט אירע אייגענע פּראָבלעמען און טראַגעדיעס. פונדעסטוועגן, פאַרמאָגן די וואַרשעווער געטאָ־אַרכיוון מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון דער אָקופּאַציע אין צענדליקער אידישע קהילות אין פּוילן. דאָס איז בשום אופן קיין איבעראַשונג נישט, ווייל די רינגעלבלום־אַרכיוון זיינען טיף פאַראינטערעסירט געווען אין דעם אידישן לעבן אונטער דייטשער הערשאַפט בכלל, און האָבן זיך ניט באַגרענעצט בלויז צו וואַרשע — אַן עובדה וועלכע וואָלט שפּעטער געווען רעדוצירט דעם פאַרנעם פון דער פאָרשונגס־אַרבעט. נאָך מער, עס האָבן געלעבט אין וואַרשע אַרום 150,000 פּליטים וואָס זיינען געקומען פון מער ווי 60 גרויסע און קליינע אידישע שטעט. פאַר די דאָזיקע פּליטים האָט געזאָרגט דער „צענטראַלער פּליטים קאָמיטעט", אַן אָפּטיילונג פון דער אידישער סאָציאַלער הילף פאַרזאָרגונג, פון וועלכער דער רינגעלבלום־אַרכיוו האָט געקענט באַקומען גענויע דאַטעס און אינפאָרמאַציע וועגן געשעענישן אין יעדער קהילה. די זאַמלונג פון מאַטעריאַלן וועגן באַזונדערע קהילות, סיי די נאָך עקזיסטירנדע, סיי די אויסגעוואָרצלטע, איז געפירט געוואָרן אויף אַזאַ גרינטלעכן אופן אַז אין פאַל פון לאָדזש, צום ביישפּיל, איז אַ קוואַליפיצירטער מיטאַרבעטער מיטן נאָמען מרדכי שוואַרצבאָרד ספּעציעל באַשטימט געוואָרן פאַר דעם צוועק. אַלע פראַגמענטאַרישע און טיילווייזע באַווייזן פון די פּראָווינצן אין דער צייט פון די געטאָס און די „אַקציעס" זיינען געזאַמלט געוואָרן אָדער דורך די וואָס זיינען געשיקט געוואָרן מיט ספּעציעלע שליחותן אין די פאַרשיידענע שטעט פון „גענעראַל גאָווערנמענט" אָדער פון פּליטים און אַרויסגעטריבענע. דערפון ווערט קלאָר אַז הגם דער טראָפּ איז געלייגט געוואָרן אויף די באַדינגונגען אין וואַרשע, איז אָבער אַלץ געטאָן געוואָרן נישט צו פאַרנאַכלעסיקן די צענדליקער אַנדערע אידישע קהילות אין די אָקופּירטע געביטן.

די הויפּט־פּראָבלעם פון דער „עונג שבת געזעלשאַפט" איז געווען צו געפינען די פּאַסיקסטע מעטאָדן אויף צו פאָרפיקסירן פאַר אַלע צייטן די איינציקאַרטיקע היסטאָרישע דערשיינונג — די פאַרשפאַרונג אין די געטאָס, די אויסוואָרצלונג פון קהילות און צום סוף די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון פּוילישן אידנטום. נישט געקוקט אויף דעם מאַנגל אין דערפאַרונג און דער אַבסאָלוטער אוממעגלעכקייט פון אויסנוצן אָנגענומענע היסטאָריאָגראַפישע און סאָציאָלאָגישע מעטאָדן, האָבן געמוזט געפונען ווערן די עפעקטיווסטע וועגן אויף צו פאַרפיקסירן די ביטערע ווירקלעכקייט. דר. רינגעלבלומס הויפּט־ציל איז געווען אויסצואַרבעטן מעטאָדאָלאָגישע פּרינציפּן וואָס וואָלטן נישט דערלאָזט דערצו אַז דער נאַראַטיוו זאָל אַוועקשטעלן אין שאָטן די אויפגאַבע פון פאַקטישער דאָקומענטאַציע. זיין ציל איז געווען אַרויסצוקריגן די רוי־מאַטעריאַלן וועלכע זאָלן קענען דינען דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער. אויב ער האָט באַוויזן איינצופלאַנצן

די דאַזיקע פּרינציפּן אין די מיטאַרבעטער פון „עונג־שבת״, איז דאָס ערשטנס געווען אַ דאַנק זײַנע פּראָפעסיאָנעלע און וויסנשאַפטלעכע קוואַליפיקאַציעס, אָבער אויך אַ דאַנק זיין גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט, אַחריות־געפיל און אַרבעטס־פעאיקייט.

דער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פון דער „עונג שבת״־אַרבעט קען באַנומען ווערן דורך באַטראַכטן די פאַרשיידענע פּראָבלעמען וואָס האָבן געדאַרפט באַהאַנדלט ווערן. אַ סך קעגנגעזעצטע אייגנשאַפטן, פון די דערהויבנסטע ביז די נידעריקסטע, האָבן זיך אויסגעמישט אין געטאָ — העלדישקייט, נאָבלקייט, מענטשלעכע ליבע, זייט ביי זייט מיט הונגער, קאָרופּציע, האַרצלאָזיקייט און האָפנונגסלאָזיקייט.

כדי צו געבן אַ געטריי בילד פון דער דאָזיקער פילזייטיקער ווירקלעכקייט, האָבן די אַרכיוון געזאַמלט מאַטעריאַלן איבער די פאָלגנדע טעמעס: עקאָנאָמישע גלייכשאַלטונג, דעפּאָרטאַציעס און איבערזידלונגען פון שטאָט צו שטאָט, אויסראָטונגען, די אידישע פרוי אין פאַרלויף פון קריג, יוגנט, קינדער, שולן אין געטאָ, קולטור־טעטיקייטן, ליטעראַטור, רעליגיע, משומדים אין געטאָ, הומאָר און פאָלקלאָר, באַציאונגען צווישן פּאָליאַקן און אידן, באַציאונגען צווישן דייטשן און אידן, עקאָנאָמישער ווידערשטאַנד, די ווידערשטאַנד־באַוועגונג, פּאָליטישע פּאַרטייען, דער „יודנראַט״, זעלבסטשטענדיקע סאָציאַלע הילף, פאַרשיידענע צדקה־אָרגאַניזאַציעס, געזונט און שפּיטאָלן, האַנדל און קאָנטראַבאַנדע, די געטאָ־פּאָליציי, די „לאַנדסמאַנשאַפט״־אָרגאַניזאַציעס, פּליטים־זאַמלפּונקטן, הונגער, מאַראַלישע סטאַנדאַרטן אין געטאָ, די גאַס, אַרבעטס־לאַגערן, קאָנצענטראַציע און פאַרניכטונגס־לאַגערן, דייטשע וואַרשטאַטן, גע׳עצגעבונג.

לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל עטלעכע קעפּלעך און אונטערקעפּלעך פון דער טעמע „די גאַס״:

1. אויסערלעכער אויסזען;
2. הייזער;
3. געהיימע דורכגענג דורך די ווענט, פּאָליציי־פּאַטראָלן, טויערן און ספּעציעלע דורכגענג־בריקן און עפענונגען;
4. באַוועגונג — טראַנספּאָרט־פּראָבלעמען (מויערן, בריקן, אָפּגעשניטענע גאַסן, קורצשניטן; טראַנספּאָרטאַציע־מיטלען, טראַמווייען, פערד־געצויגענע פּיאַקערס, וועגעלעך, ריקשאַס, טויט־וואָגנס, עפנטלעכע ריקשאַס, טעקסיס, עקספּרעס־וועגעלעך);
5. דער מענטש און די גאַס;
6. דער עסטעטישער אויסזען פון דער גאַס — פאַרשיידענע קולות און קאָלירן;
7. דער סאָציאַלער כאַראַקטער פון די גאַסן — אַריסטאָקראַטישע, האַלב־פּראָלעטאַרישע און פּראָלעטאַרישע גאַסן. סאָציאַלע אונטערשיידן צווישן פאַרבייגייער, מערקבאַר דורך מלבושים, שפּראַך, רעליגיע, בושה־עמבלעמען, אַרבעטס־עמבלעמען צוגעניית צו די מלבושים, אַרבעטס־אויסווייזן, אויסזען פון ריינקייט און צוזאַמענגענומענקייט;
8. די מאָראַל אין דער גאַס — רעאַקציעס געזונטע און פּאַטאָלאָגישע;
9. גאַסן־האַנדל;
10. גאַסן־שטימונגען — אָפּטימיזם, פּעסימיזם, פרייד, טרויער און פאַר־

צווייפלונג; אילוזיע און אַפּאַטיע, פּחד, שוידער, פּאַניק און רכילות, סימ־פּאַטיע און מיטלייד, פּחדנות און העלדישקייט, די נאָבלסטע און די נידעריקסטע געפילן, אַלגעמיינע אָפּגעטעמפּטקייט פון געפילן;

11. אָרעמקייט און הפקרות אויף די גאַסן — „כאַפּער" (קינדער און דער־וואַקסענע וואָס פלעגן אויסכאַפּן עסנוואַרג ביי דורכגייער און עס אויפעסן אויפן אָרט); טויט־פאַלן אויף די גאַסן, בעטלער, מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, גאַסן־לידער, קינסטלער; פון הונגער־געשוואָלענע און דערשעפּטע מענטשן;

12. ספּעציעלע גאַסן און דיסטריקטן.

די אַלע פאַרצייכענונגען און אַרטיקלען, פון די לענגסטע ביז צו די קורצסטע, זיינען דורכגעגאַנגען דורך דעם וואַכזאַמען אויג פון דר. רינגעלבלום, וועלכער פלעגט יעדע פרייע מינוט, נאָך זיינע סאָציאַלע אויפגאַבן,ווידמען דעם „עונג־שבת". ער פלעגט פאַרברענגען נעכט, וואָכן און חדשים איבער מאַנוסקריפּטן, שרייבנדיק באַמערקונגען און צוגאָב־אינסטרוקציעס.

שפּעטער־צו, האָט ער אויך נישט פאַרזען די נויטווענדיקייט איינצופירן אומ־פאַנגרייכע פאָרשונגס־אַרבעטן אויף טעמעס וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דעם לעבן אין געטאָ. כדי צו דערמוטיקן פאָרשונגס־אַרבעטן פון דעם סאָרט, זיינען אַנאָנסירט געוואָרן עסייען־פּאַרמעסטן איבער צוויי טעמעס: 1. צוויי יאָר אין געטאָ; 2. דריטהאַלבן יאָר וועלט־מלחמה. אַ גרויסע צאָל וויסנשאַפטלער און פּראָמינענטע פערזענלעכקייטן האָבן זיך באַטייליקט אין דעם פּאַרמעסט, אויסער דר. רינגעלבלום גופא. די קאַטאַסטראָפע וואָס האָט געטראָפן דאָס וואַר־שעווער אידנטום האָט נישט דערמעגלעכט אַ גרינטלעכע באַהאַנדלונג פון די דאָזיקע טעמעס, אָבער די אַלגעמיינע אַרבעטן, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין די אַרכיוון, ווייזן אָן אויף דעם ברייטן פאַרנעם פון שטודיומס וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין מאָנאָגראַפיעס אָדער גרעסערע אַרבעטן.

די ווערט און באַדייטונג פון „עונג שבת" איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אַקטועלע נויטן פון גרויסער פּאָליטישער באַדייטונג האָבן אַרויפגעלייגט נייע פונקציעס אויף די אַרכיוון. אין צוגאָב צו זייער נאָרמאַלער אויפגאַבע פון זאַמלען מאַטעריאַלן, האָבן זיי אויך געדאַרפט באַזאָרגן מיט אינפאָרמאַציע די אונטער־גרונד־צייטונגען אין געטאָ און אויסער אים. פאַר דעם צוועק האָט די „עונג שבת געזעלשאַפט" אַרויסגעגעבן וועכנטלעכע ביולעטינען. די דאָזיקע ביולעטינען האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען אין אָנהויב פון 1942, ווען די מערדערישע כוונות פון די דייטשן לגבי דער אידישער באַפעלקערונג אין די אָקופּירטע געביטן זיינען געוואָרן קלאָר און ס'איז נויטווענדיק געווען צו אַלאַרמירן די עפנטלעכע מיינונג. בראָשורן מיט אינפאָרמאַציע אויף דעם געביט זיינען דעריבער צוגע־גרייט געוואָרן דורך וו. גוטקאָווסקין און ה. וואַסער. די „עונג שבת געזעלשאַפט" איז אויך אויפגעפאָדערט געוואָרן דורך די פירער פון דער ווידערשטאַנד־באַ־וועגונג אין געטאָ צוצוגרייטן פאַרשיידענע מעמאָראַנדומס פאַר אויסלאַנד, ווי צ. ב. וועגן די טויט־לאַגערן אין כעלמנאָ (מערץ 1942), וועגן דער אַקציע אין לובלין (אַפּריל 1942), וועגן דער לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג אונ־טער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע (יולי 1942) און נאָכהער אין נאָוועמבער 1942, די ערשטע גרינטלעכע שילדערונג פון דער אָנפאַנג־סטאַדיע אין דער פאַרניכטונג פון וואַרשעווער אידנטום. די דאָזיקע אויסגאַבן זיינען צוגעגרייט

געוואָרן דורך דר. רינגעלבלום, א. גוטקאָווסקי און ה. וואַסער.

די געטאָ־אַרכיוון פאַרמאָגן אַ סך מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע („זש.אָ.ב.״), דעם אידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, דעם קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון אידישן ווידערשטאַנד, ווי אויך שילדערונגען פון סאַבאָטאַזש־אַקטן און טויט־אורטיילן וואָס זיינען אויסגעפירט געוואָרן קעגן פאַררעטער דורך אידישע אונטערגרונט באַוועגונגען. ס׳איז נישט איבערגע־טריבן צו זאָגן אַז אָן די רינגעלבלום אַרכיוון, וואָלט אוממעגלעך געווען צו שרייבן אַ גענויע געשיכטע פון דער תקופה.

איך געדענק נאָך די דראַמאַטישע זיצונג פון דער „עונג שבת געזעלשאַפט״, פון 18טן יולי 1942, ווען מיר האָבן אין אַ שטימונג פון אַלגעמיינער פאַרניכטונג און אונטערגאַנג באַהאַנדלט די פראַגע פון אויסבאַהאַלטן די אַרכיוון. די מיט־גלידער פון דער פאַרוואַלטונג זיינען, לויט דעם שטייגער, געמאַכט געוואָרן פאַר־אַנטוואָרטלעך און ס׳איז פון פאָראויס באַשלאָסן געוואָרן וועמען די אַרכיוון וועלן איבערגעגעבן ווערן נאָך דער מלחמה (איך אַליין, פון די דאַן אַנוועזנדע בין לעבן געבליבן — אַלע אַנדערע מיטגלידער זיינען אונטער פאַרשיידענע אומ־שטענדן פריער אָדער שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן).

די געשיכטע פון „עונג שבת״ איז אָבער דערמיט נישט פאַרענדיקט. מיר קענען איינטיילן די תקופה אין צוויי טיילן: 1. פון 22טן יולי 1942 ביז דעם 4טן אַפּריל 1943, ווען די פריש־געזאַמלטע מאַטעריאַלן זיינען באַגראָבן גע־וואָרן אין זיכערע פלעצער; 2. די אונטערערדישע תקופה אויף דער „אַרישער״ זייט, אין פאַרלויף פון וועלכער די רינגעלבלום־אַרכיוון זיינען באַרייכערט גע־וואָרן מיט דאָקומענטאַרע מאַטעריאַלן פון אויסערגעוויינלעכער באַדייטונג.

אין פאַרשיידענע דיסקוסיעס וואָס זיינען אָפּט געפירט געוואָרן וועגן דעם כאַראַקטער, וויכטיקייט און גרונד־פרינציפּן פון די געטאָ־אַרכיוון, האָט דר. רינ־געלבלום, אויף ווי ווייט איך געדענק, אַזוי פאָרמולירט זיין שטאַנדפּונקט: „איך באַטראַכט נישט אונדזער אַרבעט פאַר אַן איזאָלירטער אויפגאַבע וואָס אינ־טערעסירט נאָר אידן, איז וועגן אידן און פאַר אידן. מיין גאַנצער וועזן רעוואָל־טירט קעגן אַזאַ קאָנצעפּציע. דער איד, דער סאָציאַליסט און דער היסטאָריקער אין מיר וואַרפט דאָס אַלץ אָפּ. אין אונדזער צייט עקזיסטירט אַ בשותפות־דיקער אַנטי־היטלעריסטישער פראָנט און אונדזער אַרבעט מעג באַטראַכט ווערן אַלס סעקטאָר פון דעם פראָנט. הלוואי זאָלן מיר קענען אין פרידנס־אומשטענדן אויסנוצן אונדזער דערפאַרונג לטובת דעם אידישן און אַלגעמיינעם וויסן״.

***

ד״ר רינגעלבלום, דער טאַלאַנטפולער היסטאָריקער, דער אייגנאַרטיקער געטאָ־עסקן און געטרייער איד, האָט דעם פרידן נישט דערלעבט. די גרויסע ירושה וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט, וועט אָבער אייביק לעבן אַלס טייל פון אונדזער געשיכטע. צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון ד״ר רינגעלבלום, זיין לעבן, זיין שאַפן און זיין טראַגישן טויט — ווערט איצט געבויט דורך דעם הסתדרות קאָמפּיין מיט דער הילף פון דער אַמעריקאַנער אחדות העבודה — פועלי־ציון פאַרטיי, אַ קולטור־צענטער אין תל־אביב אויף זיין נאָמען אין וועלכן עס וועט זיך אויך געפינען אַ טייל פון די באַרימטע אַרכיוון.

# יצחק קאַצענעלסאָן און „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן אידישן פאָלק״

יצחק קאַצענעלסאָנס ווערק „דאָס ליד פונעם אויסגעהרגעטן אידישן פאָלק״ איז געלעגן עטלעכע חדשים אין דריי הערמעטיש־פאַרמאַכטע פלעשלעך, טיף איינגעגראָבן אונטער פאַרדרייטע וואָרצלען פון אַן אַלטן בוים אינעם נאַציִשן קאָנצענטראַציע־לאַגער וויטעל (דרום־פראַנקרייך). איידער ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן דורך די נאַציִשע מערדער אין טויטן־לאַגער קיין פּוילן, האָט יצחק קאַ־צענעלסאָן באַצייטנס פאַרגראָבן די קלאָג־לידער אין דער ערד און איבערגעגעבן זיינע פריינד — די מיטליידנדיקע אינעם לאַגער: „נעבן אַרויסגאַנג, רעכטס, ביים זעקסטן שטאַנג, וואָס איז איבערגעשפּאָלטן אינמיטן״, און אַ בקשה צו זיי, אַז אויב עמעץ וועט פאַרבלייבן לעבן, זאָל ער זיי צוריק אויפגראָבן און איבער־געבן דער עפנטלעכקייט...

„דאָס ליד פונעם אויסגעהרגעטן אידישן פאָלק״, וואָס י. קאַצענעלסאָן האָט געשריבן מיטן בלוט פון זיין האַרץ, אין אַ טיף־צערודערטן געמיט, איז נישט קיין רוף נאָך הילף, נישט קיין ס.אָ.ס.־צייכן צו דער וועלט, מען זאָל קומען ראַטעווען. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז עס איז שוין אַלץ פאַרענדיקט, אַלץ פאַרפאַלן, און עס איז שוין נישטאָ וועמען צו ראַטעווען. אין דער אויסזיכטסלאָזער לאַגע פון די אידישע מאַסן, וואָס זיינען איבערגעענטפערט געוואָרן אויף הפקר און אויף פּייניקונג די נאַציִשע בעסטיעס, איז עס געווען דער לעצטער וויי־געשריי, דער צער־ און צאָרן־געשריי פון דעם אידישן פאָלק אין די לעצטע טעג פון אומקום און אויסראָט. שרייבט טאַקע צו יצחק קאַצענעלסאָן צו זיין צענטן ליד אַזעלכע פּשוטע און אויפטרייסלענדיקע ווערטער: „ווער ווייסט, צי איך וועל מיין קלאָג־ליד פאַרענדיקן. היינט איז צווישן אידן אין וויטעל אין קעמפּ טרויעריק און זייער אימהדיק״.

יצחק קאַצענעלסאָן — און קלאָג־לידער! יצחק קאַצענעלסאָן — און גע־יאָמער־קינות! ווי פּאָרט זיך עס? ער, וואָס איז שטענדיק אין זיין לעבן און שאַפן געווען שטיפעריש, לעבנסלוסטיק; ער, וואָס זיינע לידער זיינען פול געווען מיט האָפענונג און גלויבן, מיט ליבע צום לעבן און צו נאַטור, מיט גלויבן אין מענטשן, אין וועלט, און — קלאָג־לידער! אָבער ווען מיר דערמאָנען זיך אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד די קלאָג־לידער זיינען אויסגעוויטיקט און אויסגעפיבערט געוואָרן, ווערט פאַר אונדז קלאָר, ווי די גרויזאַמע יאָרן האָבן געקאָנט איבער־אַנדערשן און צעברעכן דעם מענטש, פונקט ווי זיי האָבן אויך זיין אויסזען לחלוטין פאַרענדערט. עס איז שוין נישט דער פריידיקער, פולבלוטיקער יצחק קאַצענעל־סאָן, מיט די שטענדיק בליצנדיקע אויגן, מיט דעם שטענדיקן האָפערדיקן גוט־

ברודערשן כאַראַקטער. די עטלעכע מוראדיקע יאָרן האָבן דערשטיקט און פאַרוויסט גאָר די פרייד און לוסט צום לעבן און צעווייטיקט און פאַרפייניקט די סאַמע גוטמוטיקע און געזונטסטע מענטשן...

⁂

יצחק קאַצענעלסאָן איז געבוירן תמוז 1886 אין קאַרעליץ ביי נאַוואַרעדאָק, מינסקער געגענט. די משפחה — דור־דורות רבנים. זיין פאָטער איז געווען אַ העברעאישער און אידישער שרייבער, אַ מיטאַרבעטער פון פאַרשיידענע העבּ־רעאישע צייטונגען, אַ טיפער קענער פון דער העברעאישער שפּראַך, פון תנ״ך און תלמוד. ער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, און אויך פאַרמאָגט אַלגעמיינעם וויסן. פון אים האָט יצחק גרינטלעך געלערנט די העברעאישע שפּראַך. זיין מוטער איז געווען אַ קלוגע, חנוודיקע פרוי, פול מיט לעבן און ענערגיע. זי איז געווען אַן אמתע אשת־חיל און געטראָגן דעם עול פון דער פולער שטוב און אירע גע־ראָטענע קינדער.

יצחק האָט אָנגעהויבן שרייבן גאָר פרי, שיער נישט צו צען יאָר. צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, האָט ער געמוזט איבעררייסן זיין לערנען אין די יונגע יאָרן. געווען אָנגעשטעלט אין אַ קראָם און דערנאָך זיך גענומען צו וועבעריי־אַרבעט. צו זעכצן יאָר האָט ער פאַרעפנטלעכט זיינע לידער אין „עולם קטן״ און אין מרדכי ספּעקטאָרס „יודישער פאָלקסצייטונג״. ער לאָזט זיך אויף אַ באַזוך צו זיינע קרובים אין ליטע. אויפן וועג שטעלט זיך אָפּ דער זיבעצן־יאָריקער יצחק אין וואַרשע. ער קומט צו אברהם רייזען, וועלכער פירט אים אַריין צו י. ל. פּרצן. פּרצן געפעלן יצחקס לידער, ער דרוקט זיי אָפּ אין זיין „יודישער ביבליאָטעק״ אין 1904, און ער ווערט אַריינגעגלידערט אין דער שרייבער־משפחה.

די אידישע ליטע מאַכט אויף דעם יונגן יצחק אַ שטאַרקן איינדרוק, און די איינדרוקן פון זיין עטלעכע־חדשימדיקן באַזוך אין ליטע „ביים גרויסן ליט־ווישן רב אין שטוב, איז געווען — ווי ער שרייבט אַליין — ווי אַ בוך, אַ לעבן אַ קריסטאַליזירטעס, מיט חן און קדושה פון אַ וויטן אַמאָל״. ער ברענגט זיי צום אויסדרוק אין זיין באַרימט־געוואָרענער העברעאישער פּאָעמע „בגבולות ליטא״ (געדרוקט לכתחילה קאַפּיטלעכווייז אין פרישמאַנס „הדור״, אין „הזמן״ און „השלח״). דאָס ווערק מאַכט אים אַ גרויסן נאָמען אין דער העברעאישער ליטעראַטור. פון דעמאָלט אָן באַטייליקט זיך יצחק קאַצענעלסאָן אין פאַרשיידענע העברעאישע און אידישע אויסגאַבעס.

ער ווערט צוגענומען אין מיליטער. ער דינט עטלעכע חדשים און שרייבט אָן די ערשטע דראַמע „עצבים״, וואָס איז דורך אַ צופאַל פאַרברענט געוואָרן. זיין צווייטע דראַמע „קאַריקאַטורן״ ווערט גלייכצייטיק פאַרעפנטלעכט אויף אידיש און העברעאיש („השלח״ 1909).

די משפחה קאַצענעלסאָן — דער פאָטער מיט די קינדער — עפנט אויף אין לאָדזש פריער אַ קינדערגאָרטן און דערנאָך אַ העברעאישע שול. דאָס פאַר־בעסערט די מאַטעריעלע לאַגע פון די קאַצענעלסאָנס, וועלכע זיינען אַלע באַ־שעפטיקט אין דער שול — חוץ דער מאַמען, וואָס איז די עקרת־הבית. די פאַ־



יצחק קאַצענעלסאָן

מיליע־מיטגלידער גיבן זיך איבער צו דערציִען די שילער, ווער — די עלטערע און ווער די ייִנגערע קינדער. די שול איז געבויט אויף מאָדערנע פּעדאַגאָגישע יסודות. עס ווערן איינגעשטעלט פרײַנדלעכע באַציִאונגען צווישן לערער און שילער. שטענדיק האָט דאָרט געהערשט יום־טוב. ליד און פאָרשטעלונג, געזאַנג און שפּיל זיינען געווען די דערציִאונגס־מעטאָדן. דער צענטער פון שול איז געווען יצחק, וואָס, מיט זיין פּערזענלעכקייט און שאַפן, האָט ער אַ סך בייגע־טראָגן דעם כאַראַקטער פון שול. „זיין גאַנצן לעבן האָט ער נישט געוואָלט זיין קיין לערער — שרייבט וועגן אים זיין ברודער אברהם, איצט אַ חבר אין אַ קיבוץ אין ארץ־ישראל, — און דאָך האָט עס אים נישט געשטערט צו זיין אַן אידעאַלער לערער". זיין ברודער אברהם דערציילט אונדז, ווי יצחק, אַ לערער אין די עלטערע קלאַסן, פלעגט דערציילן אַ מעשה די פיר־פינף־יאָריקע קינדער, מיט וועלכע עס האָט געאַרבעט זיין שוועסטער. אָט זיצן די קינדערלעך אַרום, די הענטלעך פאַרלייגט, די אויגן פאַרגלאָצט — און יצחק: זיינע אויגן בליצן,

ער איז אינגאַנצן פאַרכאַפּט מיט זיין דערציילן, ער רעדט און זינגט — און די קינדער מיט אים.

ווי אַ טייל פון לערנען פירט יצחק אַריין דראַמאַטישע אַרבעט אין שול. ער פאַרפאַסט דעם שטאָף, רעזשיסירט אַליין און אָפטמאָל שפּילט ער אויך מיט מיט די קינדער.

יצחק קאַצענעלסאָן איז געווען אַ פּראָדוקטיווער קינסטלער. ער האָט געשאַפן און פאַרעפנטלעכט פיל ווערק, צווישן אַנדערע: די פּאָעמע „גלות״; אַ גרויסע דראַמאַטישע פּאָעמע „הנביא״, וואָס ער האָט באַטראַכט אַלס זיין הויפּט־ווערק (געאַרבעט אויף דעם 8 יאָר, דערשינען אין 1922). פון זיינע ווערק אין אידיש זיינען דערשינען דערציילונגען „דאָס ווייסע לעבן״; די איינאַקטערס „די זון פאַרגייט אין פלאַמען״ (1909), „דער דעקאַדענט״, „בחורים״ (1911), „פּאַטימאַ״ — דראַמאַטישע פּאָעמע (1920), „אונדזערע נאָענטע באַקאַנטע״ — לירישע דראַמע אין דריי טיילן (1922, אין העברעאיש דערשינען אין 1913 אונטערן נאָמען „אנו חיים ומתים״). פיל זאַכן זיינען געדרוקט געווען אין צייטשריפטן און נישט דערשינען אין בוכפאָרם. איין צייט זיינען י. קאַצענעלסאָנס דראַמאַטישע ווערק אויפגעפירט געוואָרן אין רוסלאַנד, פּוילן און אַמעריקע אין די טעאַטערן פון רודאָלף זאַסלאַווסקי, אין קאַמינסקיס טעאַטער אין וואַרשע, דורך מאָריס שוואַרץ אין ניו־יאָרק, וואַכטאַנגאָוו אין „הבימה״ (דעמאָלט נאָך אין מאָסקווע) און אַנדערע. ער האָט אין פאַרשיידענע צייטן באַזוכט בערלין, שווייץ, און אויך אַמעריקע.

יצחק קאַצענעלסאָן האָט אויך פאַרפאַסט העברעאישע לערן־ביכער, צווישן אַנדערע: דריי טיילן „צפרירים״ מיט זיינע אייגענע צייכענונגען; דאָס לידער־בוך „גן־ילדים״; אַ באַאַרבעטונג פונעם תנ״ך, אַ גראַמאַטיק, זאַמלונגען פון לידער און דערציילונגען פאַר קינדער און יוגנט — „מחמדים״ און „תלתלים״.

יצחק קאַצענעלסאָן, דער אידישער און העברעאישער דיכטער און דראַמאַטורג, לערער און פּעדאַגאָג, האָט פון זיינע ערשטע ליטעראַרישע שריט אין אידיש און העברעאיש אַריינגעבראַכט אין זיין שאַפן מונטערקייט און שפּילעווודיקייט, ריטמישקייט און באַהאַרצטקייט. דאָס איז געווען דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער שטריך פון זיין פילפאַרביקן שאַפן. און דערצו איז נאָך צוגעקומען אָט די תמימותדיקע פּשטות, דער ליריש־חנוודיקער הומאָר. עס איז נישט קיין וואונדער דעריבער, וואָס אייניקע פון זיינע לידער, סיי אין אידיש און סיי אין העברעאיש, זיינען אַריבער אין מויל פון פאָלק און מען האָט גאָר פאַרגעסן זייער פאַרפאַסער. דאָס צעטל פון אָט די פּאָפּולער־געוואָרענע לידער, וואָס זיינען אָפט געזונגען געוואָרן (ווי „די זון פאַרגייט אין פלאַמען״, „לילות־כנען״, „הידד, הידד, גינה קטנה״ א. אַ.), איז גרויס.

יצחק קאַצענעלסאָן איז געווען שטאַרק באַליבט און פאַרערט פון די יונגע אידישע קינסטלער אין לאָדזש. באַוואוסטע קינסטלער און אָנפאַנגער, שרייבער, זשורנאַליסטן, מאַלער, אַרטיסטן, מוזיקער, — אַלע האָבן זיך גרופּירט אַרום י. קאַצענעלסאָנען און זיין אָפן הויז: משה בראָדערזאָן און אַנדערע פון „יונג־אידיש״, ה. ל. זשיטניצקי, מרים אוליאַנאָווער, דער מוזיק־לערער און קאָמפּאָזיטאָר י. גלאַטשטיין, די מאָלער יצחק ברוינער, ה. באַרטשינסקי, יצחק ליכטענשטיין, די שרייבער י. י. טרונק, א. ראַבאַן, שמולעוויטש און אַנדערע. דאָס

גרויסע הויז אויף דער פּאָלודניאָווער גאַס אין לאָדזש, וואו עס האָט געוואוינט די קאַצענעלסאָן־משפּחה און עס איז געווען די שול, איז געוואָרן אַ צענטער און אַ צוזאַמענטרעף־פּונקט פאַר דער יונגער לאָדזשער קינסטלער־וועלט. די פּעדאַגאָגישע און דערציערישע אַרבעט איז פאַר דער משפּחה נישט געווען סתם אַן אַרבעט לשם פּרנסה, נאָר אַ הייליקע פליכט. פלעגט טאַקע אַלע אינדערפרי דער ברודער בערל אַלעמען וועקן מיטן ניגון פון שמש: „אידן, שטייט־אויף לעבודת הבורא!...״

יצחק קאַצענעלסאָן, דער קינסטלער און קינדער־דערציער, איז געווען אַ פּאָלקס־מענטש, אַ צוגעלאָזענער צו חברים, אַ גוטער ברודער מיט יונגעלייט. עס האָבן געהערשט שטענדיק האַרציקע באַציאונגען צווישן אים און דעם גרויסן לאָדזשער חלוצישן הכשרה־קיבוץ. פאַרבונדן מיט די אידעאַלן פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל (דערהויפּט נאָך זיינע צוויי באַזוכן אין ארץ־ישראל), פילט זיך יצחק ווי אַן אייגענער אין קיבוץ. עס איז נישט געווען קיין יום־טוב אינעם קיבוץ, אין וועלכן יצחק זאָל זיך נישט באַטייליקן. אויך אין זייער טאָג־טעגלעכער קולטור־אַרבעט נעמט יצחק אַ וויכטיקן אָנטייל.

⁂

דעם אַכטן סעפּטעמבער 1939, אַ וואָך נאָכן אַריינמאַרשירן פון די היטלעריסטישע באַוואָפנטע באַנדעס קיין פּוילן, ווערט פאַרנומען לאָדזש. שוין אין די ערשטע טעג ווערט קאָנפיסקירט דורך דער נאַצישער געסטאַפּאָ זיין גימנאַזיע — און יצחק קאַצענעלסאָן מיט זיין פרוי און דריי זין באַוויזט צו אַנטלויפן קיין קראָקע און דערנאָך, אין יאַנואַר 1940, אַנטרינען זיי אַלע קיין וואַרשע.

עס קומען אָן די פינצטערע טעג פון דער בלוטיקער נאַצישער מאַכט. די לאַנגע חדשים פון שטענדיקער גרויזאַמער ברוטאַליטעט, הונגער, מאָרד, וואָס האָבן גאָר קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע. טאָג נאָך טאָג ווערט די לאַגע אַלץ ערגער. פאַר זיינע אויגן ווערט חרוב די טייערע אידישע וואַרשע, פון טאָג צו טאָג ווערט אַלץ קלענער און אייַנגעשרומפּענער די גרויסע אידישע קהילה. יעדער נייער טאָג איז מוראדיקער פונעם פריערדיקן. די אויסראָטמיטלען פון די נאַצישע אוממענטשן און זייערע הינטישע אַרויסהעלפער ווערן אַלץ בעסטיאַלישער. וועגן דעם אַלעמען ווערט דערציילט שפּעטער מיט פיל ווייטאָג, ווייטאָג ביז משוגעת, אין קאַצענעלסאָנס „פּנקס וויטעל״, דעם טאָג־בוך, וואָס י. קאַצענעלסאָן האָט געשריבן אין דעם וויטעל־קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דעם 22טן מאַי 1943 ביזן 16טן סעפּטעמבער 1943, וואו ס׳ווערט איבערגעגעבן וועגן וואַרשעווער געטאָ, וועגן דעם „לעבן״ דאָרטן.

מען קען זיך פאָרשטעלן ווי די עטלעכע גרויליקע יאָרן אין די מוראדיקע באַדינגונגען אין וואַרשע האָבן געווירקט אויף קאַצענעלסאָנען. צעבראָכן פון דעם אַלעם געהערטן און געזעענעם, פאַלט ער אַריין אין אַ שרעקלעכן יאוש; ער פילט אַלץ ווייטאָגדיקער די אַכזריותן פון די נאַצישע חיות. ער ווערט געיאָגט פון דער שרעקלעכער אימה, וואָס כאַפּט אַרום אַלץ און אַלעמען. ער פּרואווט, ווי פיל אַנדערע, זיך קעגנשטעלן די גרויזאַמקייטן. ער ווערט אַריינגעצויגן אין דער גרויסער סאָציאַלער אַרבעט, וואָס די חלוצישע באַוועגונג פירט אָן — ער ווערט דורך דעם אָפּט אויפגעמונטערט. דאָס הויבט אים אַרויף פון דעם מורא־

דיקן געמיט־צושטאַנד, פון דער טיפער פאַרצווייפלונג. פאַר דער קאַמף־באַ־וועגונג, פאַר די ווידערשטענדלער, איז יצחק אַ ברוויזנדיקער קוואַל פון דער־מוטיקונג. ער ווערט איינער פון די אָנפירנדיקע לערער אין דער אונטערער־דישער גימנאַזיע און ליצעאום אין געטאָ. ער נעמט אָנטייל אין סעמינאַר פון „החלוץ", ער טרעט־אויף אויף עפנטלעכע ליטעראַרישע אָוונטן. ער האַלט רעפעראַטן, ער לערנט לידער, ער ברענגט מוט און גלויבן. ער פירט אָן מיט דער דראַמאַטישער סטודיע פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „דרור" און באַטייליקט זיך אין אירע צייטונגען און אויסגאַבן.

מערקווירדיק: פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז ביי אים געווען אַ לענגערע צייט, ווען ער האָט וויניק געשאַפן. איצט הויבט זיך ביי אים אָן אַ פּראָדוקטיוו־שעפערישע צייט. ווי עס גיט איבער יצחק צוקערמאַן („אַנטעק", דער קאָמאַנדיר פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ), וועלכער איז געווען מיט קאַצענעלסאָנען גאָר נאָענט, האָט יצחק קאַצענעלסאָן אין דער צייט פון געטאָ געשאַפן דריי גרויסע פּאָעמעס: „ווי מיר", „דאָס ליד וועגן שלמה זשעלי־כאָווסקי", „דער איד האָט געלאַכט"; אַ ליד „אַרויס איז אַ איד אויף דער גאַס" — וואָס איז געזונגען געוואָרן אין געטאָ מיט דער מעלאָדיע פון קאָמפּאָזיטאָר גלאַטשטיין, אַ ליד וועגן טויט פון פּאָעט הערשעלע (דאַנילעוויטש), אַ סאַטי־ריש ליד וועגן נאַצישן פירער: „ווען דער טייוול איז גערעכט", אַ תנ"כישע דראַמע אונטערן נאָמען „איוב" (אַרויסגעגעבן אין 150 קאָפּיעס דורך „דרור" אין יוני 1941), אַ קינדער־פאַרשטעלונג: „מיך ציט אין גאַס", אַ תנ"כישע דראַמע (אין אידיש): „ביי די טייכן פון בבל"; אַ פּאָעמע „יזכור" (געווידמעט דער קאָמונע פון „החלוץ" אין וואַרשע); די לידער: „קינדער פון גאַס", „לידער פון קעלט", „לידער פון הונגער"; אַ ליד „לאַבאַן ויצחק" (וועגן דעם אָנפירער פון קראָ־קעווער אידישע קאַמפּס־אָפּטיילן לאַבאַן און יצחק צוקערמאַן, וועגן דעם זע דאָס ליד „מיט חלוצים" — זייט 60); אַ העברעאיש ליד וועגן דער פאַרטיידיקונג אין געטאָ וואַרשע אין יאַנואַר 1943; אידישע איבערזעצונגען פון ביאַליקס „על השחיטה" און פאַרשיידענע קאַפּיטלען תנ"ך, איבערגעזעצט פאַר דעם דראַ־מאַטישן קרייז פון „דרור". פאַר דעם קרייז זעצט ער אויך איבער זיינע צוויי דראַמען „יעקב ועשיו" און „אמנון ותמר"...

נאָך דער באַפרייאונג פון וואַרשע האָבן פריינד געפּרוּווט אָפּזוכן די מאַ־נוסקריפּטן, וועלכע זיינען, ווי מען האָט דערציילט, באַגראָבן געוואָרן אין הויף אויף באַוואַליפקי, וואו ער האָט געוואוינט, — אָבער מען האָט דאָרט גאָרנישט געפונען. אַ צייט שפּעטער האָט מען אויפן אָרט וואו עס איז געשטאַנען דאָס הויז פון „החלוץ", אויף דזשעלנע 34, געפונען אַ קאַסטן, וואָס האָט דעם 22טן יולי 1942 באַגראָבן מרדכי טענענבוים (איינער פון די פירער פון די אידישע קאַמפּס־גרופּעס). צווישן אַנדערע האָט מען דאָרט געפונען אַ פּעקל קאַצענעלסאָנס מאַנוסקריפּטן: די דראַמע „ביי די טייכן פון בבל" (אידיש, 151 זייטן), „פון ליכט און מענטשן" (אַ קינדער־דראַמע, אידיש), „דער איד האָט געלאַכט" (פּאָעמע, אידיש, 22 סטראָפן — ווייזט אויס, נישט געענדיקט), „דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי" (פּאָעמע, אידיש), „ווי דיר" (ליד אין 37 סטראָפן), פיר „לידער פון קעלט", אַ ליד אין צוויי טיילן „לידער פון הונגער", „שפוך חמתך" (אידיש, 14 סטראָפן), איבערגעזעצטע קאַפּיטלען פון ישעיהו (מ"ב, מ"ז, מ"ח,

מ״ט, נ׳), קאַפּיטל ל״א פון ירמיהו, א׳ ב׳ און ג׳ פון הושע. עס זיינען געפונען געוואָרן נאָך זייטלעך, וואָס צוליב זייער צושטאַנד האָט מען נישט געקאָנט באַשטימען וואוהין זיי געהערן.

יצחק קאַצענעלסאָנס לידער זיינען געזונגען געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ דורך קליין און גרויס. אָט איז אַ פראַגמענט פון „ביי די טייכן פון בבל״, וואָס איז שטאַרק פּאָפּולער געווען אין געטאָ:

גע־יאָגטע, געפּלאָגטע, די הערצער געבראָכן,
מיר זיינען צו בבלס טייכן דערקראָכן.
פאַרשעמטע, צעקלעמטע, טרערן פול ווי טייכן,
צי האָט אונדזער אומגליק, צי האָט ער זיין גלייכן?
געלאָזט אַ מאַמען, אַן עלנטע, אַ וויסטע —
אָ, מאַמעניו ציון, וואו ביסטו, וואו ביסטו?

דעם 22טן יולי 1942 האָט מען גענומען אַרויספירן טויזנטער אידן פון וואַרשע אין די טויט־לאַגערן. די אידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דייטשע שאָפּן, האָבן באַקומען ספּעציעלע אויסווייזונגען, וועלכע האָבן זיי דערווייל גאַראַנטירט פון מאָרד. יצחק און זיין עלטערער זון צבי האָבן געאַרבעט אין אַ שאָפּ אין „קליינעם געטאָ״, אויף נאַוואָליפּיע. דעם 14טן אויגוסט האָט אַ ליטווישער אָפּטייל אונטער דער אָנפירונג פון דייטשע ס.ס., אַרויסגעפירט די פרויען און קינדער, די קראַנקע און אַלטע — משפּחות פון אידישע אַרבעטער אין דייטשע שאָפּן, וועלכע האָבן געוואוינט אין „קליינעם געטאָ״ — אַ טייל פון זיי געהרגעט און די אַנדערע אָפּגעפירט אין טרעבלינקי. ווען יצחק און זיין זון צבי זיינען געקומען פון דער אַרבעט אַהיים, האָבן זיי זייער קליין צימערל געפונען פּוסט. צווישן די אַוועקגעפירטע זיינען געווען חנה, יצחקס פרוי, דער עלף־יאָריקער בנימין (יאָמעלע) און דער פערצן־יאָריקער בן־ציון.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן זיין פּיין, זיין ווייטיק!

⁂

דעם 13טן יאַנואַר 1943, ווען די דייטשן האָבן פאָרגענומען די „אַקציע״ קעגן די לעצטע איבערגעבליבענע אין געטאָ, האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד. יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיך געפונען אין קאַמף־פּונקט פון „דרור״, אונטער דער קאָמאַנדע פון יצחק צוקערמאַן („אַנטעק״), פון וואַנען עס פייערט אַרויס דער ערשטער שאָס און עס ווערט דערהרגעט דער ערשטער דייטש. קאַצענעלסאָן האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן אין אָנגעגרייטן בונקער אין הויף. צוליב דעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, האָבן די דייטשן אָפּגעלייגט די אַקציע ביז ערב פּסח 1943. אין דער צייט פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט זיך יצחק קאַצענעלסאָן געפונען דאָרט. ער ווערט אַרויסגעפירט, מיט זיין זון צבי, אין אַ בונקער אין אַרישן טייל. אין מאַי 1943 פאָרן זיי אָפּ מיט אַ דרום־אַמעריקאַנער פּאַס (פון האָנדוראַס), וואָס דער חלוצישער אונטער־

גרונט האָט צוגעגרייט פאַר זיי — קיין פראַנקרייך. זיי קומען אָן דעם 22טן מאַי אין קאָנצענטראַציע־לאַגער וויטעל, אין דרום־פראַנקרייך.

איבער צען חדשים לעבט ער אין לאַגער. דאָ שרייבט ער אָן „דאָס ליד פונעם אויסגעהרגעטן אידישן פאָלק", די העברעאישע דראַמעס „חניבעל" און „במצבאה הראשית" און שרייבט אויך אָן זיין דערשיטערנדיקן טאָגבוך („פנקס ויטל" — אין העברעאיש). אָט די כתבים, אין אידיש און העברעאיש, זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ישראל, אין פאַרלאַג פון הקיבוץ המאוחד, אונטערן נאָמען „כתבים אחרונים".

דער „פנקס ויטל" (דער טאָגבוך פון וויטעל) איז געשריבן אַ פּאָר חדשים פאַר דעם „ליד פונעם אויסגעהרגעטן אידישן פאָלק", ס'איז אַ מין פאָרוואָרט צו אָט די קלאָג־לידער, ס'איז דער „הינטערגרונט" פון די מאָדערנע קינות פונעם פאַרפייניקטן אידישן פאָלק אין פוילן. דאָ, אינעם טאָגבוך, ברענגט אַרויס יצחק קאַצענעלסאָן אין פאַרשיידענע ערטער זיין געמיט־צושטאַנד, וואָס דערגייט אָפט ביז צו בשוגעת. ער הויבט אָן מאַכן פאַרצייכענישן אינעם טאָג־בוך און ער רייסט איבער, ער וויל מאַכן דאָ דעם „גרויסן חשבון" פון דעם אַלעמען, וואָס איז פאָרגעקומען, און ער פילט, אַז ער איז עס נישט בכוח צו טאָן, ווייל אָט וועט ער אַראָפּ פון זינען, ווי ער אַליין גיט איינציקע מאָל אָן. זיינע פערזענלעכע ווייען, זיין ווייטאָג און צער און זיין דערמאָנען זיך כסדר אָן זיין פרוי און צוויי קינדער, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן, מישן זיך כסדר מיט די גרויליקע איבערלעבענישן, מיט די מוראדיקסטע דערמאָנונגען פון דער אידישער וואַרשע. וואָר און וויזיע, טיפע פאַרצווייפלונג און נקמה־רופן פילן אָן זיין פאַרפייניקטע נשמה. עס זיינען דאָ בלעטער אינעם טאָגבוך, וואָס די גאונישע מענטשלעכע פאַנטאַזיע וואָלט נישט געקאָנט צוטראַכטן. דער טאָג־בוך, וואָס איז געשריבן אין העברעאיש, דאַרף איבערגעזעצט ווערן אין אידיש, אין אַנדערע שפּראַכן, ער דאַרף וואָס גיכער דערגיין צו די אַלע, וואָס ווילן און דאַרפן און מוזן וויסן וואָס ס'איז פאָרגעקומען אונטער דעם דייטשישן קנאָפּל, — דאָס, וואָס מ'וויל איצט פאַרווישן, פאַרגלעטן און פאַרגעסן, כדי צו פאַרגעבן . . .

אַ טיף־צעוויטיקטער און צעבראָכענער, אַ צעפּייניקטער און פאַרצווייפלטער באַווייזט זיך פאַר אונדז יצחק קאַצענעלסאָן באַזונדערס אין זיין העברעאישן טאָג־בוך פונעם 24טן אויגוסט 1943, ווען ער דערוויסט זיך וועגן דער גרויס און צאָל פון די דערמאָרדעטע אידן. און די עטלעכע בלעטלעך אינעם טאָג־בוך זיינען אַ רוף, אַ וויי־געשריי, אַן אל מלא רחמים, אַ קדיש נאָכן אידישן פאָלק. ער הויבט אָן די פאַרצייכענונג מיטן רוף: „עמי!" — פאָלק מיינס, — ער פירט אַדורך אין זיינע געדאַנקען פאַרשיידענע שילדערונגען פונעם אַמאָל־לעבעדיקן, פונעם אַמאָל־געוועזענעם אידישן לעבן פון די פוילישע אידישע מאַסן. ער פאַרענדיקט זיינע נאָטיצן מיט אַ ליד: „חלום חלמתי", אין אידיש מיינט עס: „אַ חלום האָט זיך מיר געחלומט, זייער אַ שרעקלעכער: נישטאָ שוין מיין פאָלק, נישטאָ שוין מער! כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געשריי — ווי, ווי! וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט, איז געשען אַזוי. אָ, גאָט אין הימל! — האָב איך מיט אַ ציטער אויסגערופן, — פאַרוואָס איז מיין פאָלק אויסגעשטאָרבן? פאַר־וואָס און פאַרוואָן איז עס געשטאָרבן אומזיסט? נישט אין קריג, נישט אין

שטרייט... יונג און אַלט, פרוי און קינד — קיינער איז שוין נישטאָ! פאַרברענט די הענט! אַזוי פאַרגיי איך אין מיין צער, טאָג און נאַכט — פאַרוואָס, האַר מיינער? און צו וואָס, מיין גאָט?״ —

אָנהויב אָקטאָבער 1943 הויבט אָן יצחק קאַצענעלסאָן צו שרייבן זיין „ליד פונעם אויסגעהרגעטן אידישן פאָלק״, און דאָס לעצטע, 15טע, ליד פאַרענדיקט ער דעם 18טן יאַנואַר 1944.

דעם 17טן אַפּריל 1944 ווערט דער וויטעל־לאַגער אַרומגערינגלט דורך ס.ס. און די 173 שוצלאָזע אידן, און צוזאַמען מיט זיי יצחק קאַצענעלסאָן און זיין זון, ווערן אָפּגעפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דראַנסי, און פון דאָרט, דעם 27טן אַפּריל — קיין פוילן.

דאָ ווערן פאַרלאָרן די שפורן פון יצחק קאַצענעלסאָן. צופעליקע געראַטעוועטע דערציילן וועגן אַ גרופּע פון 173 אידן, וועלכע איז געפירט געוואָרן פון פראַנקרייך קיין אָשוויענטשים.

אָט אַזוי קומט אום דורך די דייטשישע אוממענטשן איינער פון די טאַלאַנטפולסטע, האַרציקסטע אידיש־העברעאישע דיכטער, וואָס האָט אין זיינע פריערדיקע און לעצטע ווערק אַרויסגעבראַכט דאָס פריידיקסטע און לסוף די גרויזאַמע איבערלעבענישן און דעם אומקום פון דעם אידישן פאָלק אין פוילן.

זיין „ליד פונעם אויסגעהרגעטן אידישן פאָלק״ איז אַ מאָנומענט פאַר די גרויליקע ליידן פונעם אידישן פאָלק און אַ דענקמאָל אויף זיין, קאַצענעלסאָנס, אומבאַקאַנטן „קבר״.

ס׳איז אויך אַ דערמאָנונג־ און מאָנונג־דאָקומענט פאַר די ברוטאַליטעטן און בעסטיאַלישקייטן פונעם דייטשישן פאָלק, וואָס האָט אומגעבראַכט זעקס מיליאָן אידישע נפשות, און פאַר דעם פאַרברעכערישן שטילשווייגן פון דער גרויסער וועלט.

**ד. מ.**



# דאָס הויז פון די געטאָ־קעמפער אין אָנדענק פון יצחק קאַצענעלסאָן

## צענטער פאַר דער פאָרשונג פון אידישן חורבן און ווידערשטאַנד אין נאַצי־אָקופּירטן אייראָפּע

דער קיבוץ „לוחמי הגיטאות" איז געגרינדעט געוואָרן אין מערב'דיקן גליל אין יאָר 1949. ווי אַלע אַנדערע קאָלעקטיווע ישובים איז דער קיבוץ באַזירט אויף די פּרינציפּן פון קאָלעקטיווער אַרבעט און דערציאונג, בעת די לאַנדווירטשאַפט איז זיין הויפּט־קוואַל פון חיונה. דער נאָמען פון קיבוץ ווייזט אָבער אויף זיין אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און אויף דעם פּרט אין וועלכן ער אונטערשיידט זיך פון אַלע אַנדערע קיבוצים.

די גרעסטע מערהייט פון די דערוואַקסענע מיטגלידער פון קיבוץ זיינען געווען דירעקטע קרבנות פון נאַצישן באַרבאַריזם. די מערסטע פון זיי האָבן אַ סך מיטגעמאַכט און געליטן בשעת דער שוידערלעכער קאַטאַסטראָפע וואָס האָט געטראָפן דאָס אייראָפּעאישע יידנטום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. די גרינדער פון קיבוץ לוחמי הגיטאות זיינען אין תוך לעבנגעבליבענע רעשט־לעך פון אויסגעהרגעטן פּוילישן אידנטום. אין משך פון יאָרן האָבן זיי געטיילט דעם גורל פון זייערע קהילות אין 29 געטאָס און געליטן אין גהינום פון 89 קאָנצענטראַציע לאַגערן. אויסער די געטאָ־קעמפער, געפינען זיך אויך צווישן די גרינדער פון קיבוץ, געוועזענע פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער פון פּוילן, ליטע, אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד, ווי אויך געוועזענע קעמפער פון די אַליאירטע אַרמייען. אַמבולטסטן צווישן זיי איז די גרופּע פון וואַרשעווער געטאָ אויפשטאַנד, איינשליסנדיק איינעם פון זיינע קאָמאַנדירן און עטלעכע אַנדערע פּראָמינענטע קעמפער.

דאָס ערשטע קערעל פון דעם צוקונפטיקן קיבוץ איז נאָך אויפגעקומען אין פּוילן אין די ערשטע נאָך־מלחמה יאָרן. מיטגלידער פון דער אידישער ווידער־שטאַנד באַוועגונג, פּאַרטיזאַנער, געוועזענע קאַצעטלער האָבן דאָרט באַגייט די חלוצישע יוגנט באַוועגונג „דרור". זיי האָבן אויך אַריינגענומען אין זייערע רייען אַ צאָל פּליטים פון סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס האָבן דאָרט געזוכט שוץ פון די אַנטי־אידישע פאַרפאָלגונגען. די אַלע מענטשן האָבן געהאַט איין איינציקן חלום — צו קומען קיין ישראל. זיי זיינען געגאַנגען איבער פאַרשידענע גרע־נעצן און פּערציק פּראָצענט פון זיי זיינען אונטערוועגס אינטערנירט געוואָרן אין ציפּערן.

די געמיינזאַמע דערציאונג, דער געראַנגל אין די מלחמה־יאָרן און די ליידן אין די פאַרשידענע פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע

און שפּעטער אין ציפערן זיינען שפּעטער געקומען צו זייער נאַטירלעכן אויסדרוק אין זייער פּריוואַליקער מאָביליזאַציע אין צבא הגנה לישראל ערב און בעת ישראלס באַפרייאונגס־מלחמה. ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט האָט די גרופּע באַשלאָסן צו גרינדן פאַר זיך אַ קיבוץ אויפן באָדן פון באַפרייטן גליל.

אויף אַזאַ אופן האָבן די געוועזענע קעמפער פון די געטאָס און וועלדער און געוועזענע קאַצעטלער אַ סוף געמאַכט צו זייערע וואַנדערונגען דורך אויפבויען פאַר זיך אַ היים אויף אַ שטח פון 4,000 דונאַם באָדן נישט ווייט פון ים־ברעג צווישן דער אוראַלטער שטאָט עכו און דער מאָדערנער שטאָט נהריה. היינט ציילט דער קיבוץ 178 מיטגלידער — 92 מענער, 86 פרויען און 110 קינדער.

יעדעס יאָר, דעם 19טן אַפּריל, אין דעם יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, ווערט אָפּגעהאַלטן אין קיבוץ לוחמי הגיטאות אַ גרויסער מאַסן־יאָרצייט און טויזנטער מענער און פרויען פון אַלע טיילן פון לאַנד קומען זיך צונויף אין קיבוץ כדי צו באַערן דעם אָנדענק פון די געטאָ־קעמפער און מאַרטירער.

## די היסטאָרישע אַרכיוון

פון די ערשטע טעג וואָס דער קיבוץ איז געגרינדעט געוואָרן, בעת ער האָט זיך נאָך געראַנגלט מיט די פּראָבלעמען פון איינוואָרצלונג און אַקלימאַטיזאַציע, איז אויפגעקומען דער געדאַנק אויפצושטעלן אַ היסטאָרישן אינסטיטוט אויף צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די געטאָ־קעמפער און מאַרטירער, און אויף צו פאַרטיפן זיך און אויסצופאָרשן די געשעענישן וואָס האָבן געפירט צו דעם חורבן פון די אידישע קהילות אין אייראָפּע. טראָץ דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פון דעם יונגן קיבוץ, איז באַשטימט געוואָרן אַ הויז פאַר די ערשטע דאָקומענטן און ביכער פון אינסטיטוט.

דעם 19טן אַפּריל 1950, צום 7טן יובל פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד איז דער „בית לוחמי הגיטאות" אָפיציעל דערעפנט געוואָרן אין דער אָנוועזנהייט פון אַ ריזיקן עולם, איינשליסנדיק אַ סך פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן פון גאַנצן לאַנד. דער אינסטיטוט איז אָנגערופן געוואָרן נאָך דעם דיכטער־קדוש יצחק קאַצענעלסאָן, מחבר פון דער באַרימטער פּאָעמע „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן אידישן פאָלק", וועלכער איז געווען אַ גרויסער פריינט פון דער חלוצישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשע, און וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין אוישוויץ.

די אַרכיוון, וואָס האַלטן אין איין אויסגעברייטערט ווערן, אַנטהאַלטן איצט די פאָלגנדע מאַטעריאַלן:

1. אַ זאַמלונג פון דער אונטערגרונט ליטעראַטור און פּרעסע־אויסשניטן פון די פאַרשידענע פּאָליטישע און סאָציאַלע גרופּן וואָס זיינען טעטיק געווען אין אָקופּירטן פּוילן. ליטעראַטור וואָס שפּיגלט אָפּ די באַציאונג פון ניט־אידישע מיטגלידער פון דער פּוילישער אונטערגרונט באַוועגונג צו די פאַרפאָלגונגען פון די אידן.

2. בריוו־אויסטויש צווישן אידן אין פּוילן, רומעניע, דייטשלאַנד, האָלאַנד און אַנדערע אָקופּירטע לענדער, צווישן יחידים און אָרגאַניזאַציעס אין די



אַ ווינקל אויף דער אויסשטעלונג אין מוזעאום פון „בית לוחמי הגיטאות"

נייטראַלע לענדער, דעקלאַראַציעס און געדרוקטע מאַטעריאַלן פון אידישע פליטים און הילפס־אָרגאַניזאַציעס און פריוואַטע בריוו פון די אָקופּירטע טעריטאָריעס.

3. די אַרכיוון פון דער פּוילישער החלוץ־באַוועגונג וואָס זיינען דורך מרדכי טענענבוים באַגראָבן געוואָרן פאַר דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ און זיינען נאָך דעם קריג אויסגעגראָבן געוואָרן פון הינטער די חורבות.

4. דאָקומענטן און אַנדערע מאַטעריאַלן פון די געטאָס פון וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק און אַנדערע אידישע קהילות וואָס זיינען אינגאַנצן חרוב געוואָרן.

5. אָפיציעלע דאָקומענטן פון צענטראַלע און לאָקאַלע דייטשע אויטאָריטעטן.

6. הונדערטער דאָקומענטן וועגן דער אַרבעט פון דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס שילדערן די טעטיקייטן פון די געטאָ־קעמפער, פּאַרטיזאַנער און אַקטיווע מיטגלידער פון רעטונגס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן צו ראַטעווען אידן.

7. אַ זאַמלונג פון אָריגינעלע לידער אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

8. אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר דער ליטעראַרישער ירושה פון יצחק קאַ־

צענעלסאָן. די דאָזיקע זאַמלונג שליסט איין קאָצענעלסאָנס אַלע מאַנוסקריפּטן פון וואַרשעווער געטאָ און דעם לאַגער אין וויטעל, פראַנקרייך, אַן אומפאַנגרייכע זאַמלונג פון זיינע פאַרעפנטלעכטע שריפטן; עסייען, אַרטיקלען און פאָטאָגראַפיעס פון זיין משפחה און פריינט.

אין די אַרכיוון געפינט זיך אויך אַ זאַמלונג פון 6,000 פאָטאָגראַפיעס וואָס אילוסטרירן אויף אַ גראַפישן אופן די מעטאָדן פון דער דייטשער אַנטי־סעמיטישער פראָפּאַגאַנדע, די ליידן פון די פאַרשפאַרטע אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן און וואָס זאָגן עדות וועגן די וועלכע אַקטן פון אויס־ראָטונג. די דאָזיקע זאַמלונג אַנטהאַלט אויך אַ צאָל דייטשע פאָטאָגראַפיעס, וואָס דאָקומענטירן די אונטערדריקונג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. עס זיינען אויך פאַראַן פאָטאָגראַפיעס געמאַכט נאָך דעם קריג פון מאַסן־קברים און מצבות. אַ צאָל בילדער אילוסטרירן דאָס לעבן אין די פּליטים־לאַגערן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה.

## די ביבליאָטעק

די ביבליאָטעק אַנטהאַלט איצט דאָקומענטן אין פאַרשידענע שפּראַכן. עס זיינען פאַראַן אין איר די פאָלגנדע אָפּטיילונגען: נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע־ליטע־ראַטור, טאָג־ביכער פון קרבנות פון קריג און פאַרפאָלגונגען; „יזכור"־ביכער אין אָנדענק פון אומגעבראַכטע אידישע קהילות; צייטשריפטן פון דער שארית הפּליטה, באַריכטן פון אידישע פאַרטיזאַנער און געטאָ־קעמפער, דייטשע געשיכטע־ביכער, א. אַ. לעצטנס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע אָפּטיילונג פאַר פּובליקאַציעס פון נאָך דער מלחמה־תקופה, וואָס באַשטייט פון דייטשע ביכער און צייטשריפטן וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## דער מוזעאום

אין מוזעאום זיינען אויסגעשטעלט אַ צאָל דאָקומענטן, אָריגינעלע און פאָ־טאָגראַפיעס, וואָס זאָגן עדות אויף די פאַרשידענע פאַזן פון דער אידישער קאַטאַ־סטראָפע: ווי אַנטי־אידישע פּראָפּאַגאַנדע פּלאַקאַטן; באַפעלן צו קאָנצענטרירן די אידן אין די געטאָס; אויסזידלונגס־ליסטן; פּלענער פאַר דער פאַרניכטונג פון לאַגערן; פאָטאָגראַפיעס פון בוכנוואַלד־קרעמאַטאָריום; פערזענלעכע דאָ־קומענטן פון די געטאָ־איינוואוינער און געטאָ־קעמפער; ספּעציעלע געטאָ פּאָסט־מאַרקן און באַנקנאָטן; געפעלשטע „אַרישע" פּאַפּירן; מעדאַלן וואָס זיינען גע־געבן געוואָרן צו אידישע פאַרטיזאַנער; זאַכן פון פערזענלעכן אייגנטום און גע־שענדעטע תשמישי־קדושה, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן.

אין דעם מוזעאום איז אויך לעצטנס געגרינדעט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פאַר אַ ספּעציעלן פילם־אַרכיוו אויף צו זאַמלען פילמען וועגן די פאַרפאָלגונגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

טויזנטער מענטשן האָבן שוין ביז איצט באַזוכט די פערמאַנענטע אויס־שטעלונג אין דעם מוזעאום, אייַנשליסנדיק שול־קינדער מיט זייערע לערער, זעלנער, וועטעראַנען און נייע עולים, ווי אויך געסט פון אויסלאַנד.



באַזוכער אין אַ ווינקל פון דער אויסשטעלונג אין „בית לוחמי הגיטאות"

## צייטווייליקע אויסשטעלונגען

אויסער דער פּערמאַנענטער אויסשטעלונג אין מוזעאום גופא, האָט דער „בית לוחמי הגיטאות" איינגעאָרדנט אַ סעריע פון צייטווייליקע אויסשטעלונגען אין תל־אביב, חיפה, פּתח־תקוה, רחובות, רמלה, און הרצליה. די אויסשטעלונגען באַשטייען פון פאָטאָגראַפיעס און קאָפּיעס פון דאָקומענטן, וואָס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן מיטן צוועק צו געבן דעם באַזוכער אַ פול בילד וועגן דער קאַטאַסטראָפע און וועגן דעם אידישן קאַמף מיטן שונא. לעקציעס און פאָרלעזונגען זיינען אויך געהאַלטן געוואָרן פאַר דערוואַקסענע און שול־קינדער און עס זיינען געוויזן געוואָרן פילמען פון דעם אַרכיוו.

מיט צוויי יאָר צוריק איז אַ באַוועגלעכע אויסשטעלונג פון פאָטאָגראַפיעס און דאָקומענטן געוויזן געוואָרן צו אַ סך אָפּטיילונגען פון דער ישראל־אַרמיי. דער צענטער יובל פון דער אידישער בריגאַדע איז געפייערט געוואָרן דורך אַן אויסשטעלונג אין עכו, וואָס האָט געשילדערט ווי אַזוי דער ישראלדיקער ישוב האָט זיך אידענטיפיצירט מיט די ליידן פון זייערע ברידער אין גלות און דעם איינגעשפּאַרטן קאַמף וואָס ער האָט געפירט פאַר די רעכט צו באַקעמפן די נאַצי־חיילות אונטער דער אידישער נאַציאָנאַלער פאָן.

# זאַמלונג פון קונסט-ווערק

דער „בית לוחמי הגיטאות" פאַרמאָגט אַ ספּעציעלע זאַמלונג פון קונסט־ווערק וועגן דעם גרויסן נאַציאָנאַלן אומגליק און דעם אויפשטאַנד. די דאָזיקע ווערק זיינען איינגעטיילט אין דריי טיילן:

איין אָפּטיילונג באַשטייט פון צייכענונגען און סקעטשעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער צייט פון אומגליק. דאַרונטער זיינען איינגעשלאָסן אַרבעטן פון אייזיק פעדער, וואָס זיינען געצייכנט געוואָרן אונטער די שטאַכל מויערן פון דרעסנסי אין פראַנקרייך, וואו ער איז געווען פאַרשפּאַרט אַ יאָר צייט און האָט באַוויזן צו מאַכן זיינע צייכענונגען. זיין פרוי איז געווען אויסער דעם לאַגער און האָט דורך אונטערקויפן די וועכטער באַוויזן אַרויסצוקריגן אַ טייל פון זיינע אַרבעטן, וואָס שילדערן טיפּן פון לאַגער־מענטשן. פעדערס אַלמנה האָט אַוועקגעשענקט די גאַנצע סעריע צייכענונגען צו דעם מוזעאום.

אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג געפינען זיך אויך אסתר לוריעס מאַלערייען פון קאָוונער געטאָ און אירע צייכענונגען פון דעם שטוטהאָף און לייביטש לאַגערן. פאַראַן אויך דאָרט צייכענונגען פון דעם פּאַרטיזאַן־קינסטלער אַלעקסאַנדער באַגען, וואָס ער האָט געמאַכט אין די וועלדער בשעת ער איז געווען מיט זיין קאַמפּס־אָפּטיילונג. פאַראַן אויך צייכענונגען וואָס קומען פון מאַלינעס, קאַמפּיין און וועסטערבאָרק לאַגערן, ווי אויך פון טערעזיענשטאַט געטאָ.

די דאָזיקע בילדער און צייכענונגען זיינען נישט נאָר באַדייטונגספול אַלס וואָגיקער באַווייז־מאַטעריאַל פון דער שוידערלעכער היסטאָרישער תקופה, נאָר אויך אַ באַווייז פון גייסטיקער גבורה. אין סאַמע ברען פון חורבן זיינען די דאָזיקע אידישע קינסטלער אַנגעגאַנגען מיט זייער אַרבעט און האָבן פאַרפיקסירט דאָס וואָס זיי האָבן געזען אַרום זיך.

די צווייטע אָפּטיילונג אַנטהאַלט קונסט־ווערק, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אונטער דעם איינדרוק פון די מלחמה־יאָרן און געהערן דערפאַר צו דער קאַ־טעגאָריע פון מאַטעריאַלן אין וועלכע דער אינסטיטוט איז פאַראינטערעסירט, אַפילו ווען זיי זיינען שוין געשאַפן געוואָרן נאָכן קריג.

די דריטע אָפּטיילונג באַשטייט פון קונסט־ווערק, וואָס זיינען געשאַפן גע־וואָרן דורך אידישע קינסטלער, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אָדער זייערע נאָכפאָלגער. דער „בית לוחמי הגיטאות" וויל אָפּהיטן זייער אָנדענק און אַרויסווייזן זיי אַ חסד של אמת דורך האַלטן זייערע איבערגעבליבענע ווערק. אין אַ אינדעקס קאַרטאָטעקע געפינען זיך די נעמען פון אַ סך קינסטלער, וואָס זיינען אומגעקומען אין די יאָרן פון חורבן, מיט זייערע ביאָגראַפיעס און אָפּשאַצונגען פון זייערע קינסטלערישע טעטיקייטן. אַ סך פון די קינסטלער האָבן זיך קונה־שם געווען אין די פאַרשידענע שיטות פון מאָדערנער קונסט.

הונדערט פון די דאָזיקע בילדער, וואָס רעפּרעזענטירן 34 קינסטלער, זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אין דעם „יד לבנים" בנין אין פּתח־תקוה. מיט אַ יאָר צוריק איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ צייטווייליקע אויסשטעלונג אין דעם ביט־פאַרענדיקטן בנין פון „בית לוחמי הגיטאות". די דאָזיקע זאַמלונג ווערט פאַרוואַלטעט פון מרים נאָוויטש.

# צ י י ט ש ר י פ ט ן

אַ היסטאָרישער ביולעטין, וואָס הייסט „ידיעות" דערשיינט איצט רעגל־מעסיק. ער אַנטהאַלט אַרטיקלען פון באַוואוסטע היסטאָריקער, אויסצוגן פון ניט־פאַרעפנטלעכטע טאָג־ביכער, גביית־עדותן, דייטשע דאָקומענטן, און אַ. וו. דער ביולעטין איז אויך דער אָרגאַן פאַר די טעטיקייטן פון אינסטיטוט. ביז איצט זיינען שוין דערשינען 21 נומערן פון די „ידיעות". אויף דעם זעלבן געביט זיינען אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן עטלעכע ביכער: „דער טאָג־בוך פון יוסטינא דרענגער", אַ געפאַלענע העלדין פון קראָקאָווער געטאָ; דער „ספר מלחמות הגיטאות" — אַ וויכטיקע אַנטאָלאָגיע פון באַשרייבונגען, פּאָעמעס און דאָקומענטן, וואָס שילדערן דעם אידישן ווידערשטאַנד קעגן שונא. די ערשטע אויסגאַבע איז דערשינען אין 1954 און איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס אָנערקענונג. ביז איצט איז דאָס בוך שוין אַרויס אין דריי אויפלאַגן. אַ צווייטער באַנד וועגן אידישן ווידערשטאַנד אין אַלע לענדער אויסער פּוילן האַלט איצט אין צוגעגרייט ווערן. היסטאָרישע מאַטעריאַלן האַלטן אין איין אויפגעזאַמלט ווערן פאַר דעם צוועק אין ישראל און אין אייראָפּע דורך אַ ספּעציעלן שליח. דער באַנד וועט זיך באַשעפטיקן מיט דער אידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין האָלאַנד, אונגאַרן, יוגאָסלאַוויע און אין אַלע געביטן פון סאָוועט־רוסלאַנד און אין די אָקופּירטע טעריטאָריעס פון מערב־אייראָפּע.

אין 1956־57 איז דערשינען דער „אונטערגרונט טאָג־בוך" פון בתיה טעמ־קין־בערמאַן. דער דאָזיקער טאָג־בוך שילדערט דאָס לעבן אין דער „אַרישער" וואַרשע נאָך דער דערשטיקונג פון געטאָ־אויפשטאַנד. ער גיט אַ סך פּאָרטרעטן פון געטאָ־קעמפער. אַן אַנדערער טאָג־בוך פון גד ראָזענטאַל, אַ אידישער פּאַר־טיזאַנער, וואָס הייסט „דאָס וואַלד ברענט", איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

עס זיינען אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן צוויי אויסגאַבן פון יצחק קאַצענעל־סאָנס „לעצטע שריפטן" — די צווייטע אויסגאַבע אַן אויסגעברייטערטע. זי אַנטהאַלט דעם דיכטערס שאַפונגען אין וואַרשעווער געטאָ און אין דעם וויטעל־לאַגער אין פראַנקרייך. דאָס אַרויסגעבן דעם בוך האָט געפאָדערט אַ סך אַרבעט פון אויפזאַמלען, איבערשרייבן און דעשיפרירן, וועלכע איז געטאָן געוואָרן אין „בית לוחמי הגיטאות". עס האַלט איצט אין צוגעגרייט ווערן אַ פולע העב־רעאישע אויסגאַבע פון דר. עמנואל ריגעלבלומס נאָטיצן פון געטאָ. דער מחבר איז געווען דער גרינדער און פאַרוואַלטער פון דעם אונטערערדישן אַרכיוו אין וואַרשעווער געטאָ.

זינט זיין גרינדונג האָט דער „בית לוחמי הגיטאות" געהאָלפן פאַרעפנטלעכן אַ צאָל אַרבעטן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. דאָ מעג דערמאָנט ווערן דער באַנד „השואה והמרי" (די קאַטאַסטראָפע און דער ווידערשטאַנד) וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן צום 10טן יובל פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד דורך דעם ישראל דערציאונג־מיניסטעריום און דער באַנד „יד לשואה ולמרד" (אַ מצבה נאָך דעם אומגליק און דעם אויפשטאַנד) אַרויסגעגעבן דורך דעם קרן קיימת.



מאָדעל פון דעם נייעם בנין פאַר דעם „בית לוחמי הגיטאות", וואָס ווערט געבויט מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער הסתדרות קאַמפּיין.

## דער נייער בנין

דער גרעסטער טייל פון בודזשעט פון אינסטיטוט ווערט געדעקט דורך ביישטייערונגען פון די קיבוץ המאוחד ישובים און דער „געזעלשאַפט פון פריינט פון בית לוחמי הגיטאות". די געזעלשאַפט ציילט אַרום 3,000 מיטגלידער אין גאַנצן לאַנד. קלענערע ביישטייערונגען קריגט אויך דער אינסטיטוט פון דער אידישער אַגענץ, דער הסתדרות און פון אַ צאָל ישראל־מוניציפּאַליטעטן.

אין משך פון 9 יאָר צייט האָט דער „בית לוחמי הגיטאות" דערפילט זיינע פליכטן אונטער פּראָוויזאָרישע באַדינגונגען. די דאָזיקע באַדינגונגען אַנטשפּרעכן ניט די אויפגאַבן וואָס דער אינסטיטוט דאַרף ווייטער דערפילן. כדי צו באַאַרבעטן און אָפּצוהיטן די מאַטעריאַלן, וואָס דער אינסטיטוט פאַרמאָגט שוין און וועט ווייטער קריגן און כדי צו געבן די מיטאַרבעטער פון אינסטיטוט די פיזישע מעגלעכקייטן פאַר זייער אַרבעט און כדי אויפצובויען אַ פאָטאָגראַפישע לאַבאָראַטאָריע און אַנדערע נויטיקע איינריכטונגען, האָט מען אָנגעהויבן בויען אַ בנין פאַר דעם „בית לוחמי הגיטאות". צוליב דעם מאַנגל אין מיטלען און בוי־מאַטעריאַלן האָט אָבער די אַרבעט געמוזט אָפּגעשטעלט ווערן.

*
**

דער „בית לוחמי הגיטאות" וועט ווייטער געטריי בלייבן צו זיין היסטאָרישער שליחות — אָפּצוהיטן דעם אָנדענק און אַזוי אַרום דעם גייסט פון די קעמפער און מאַרטירער. די אידן אין די תפוצות קענען און מוזן העלפן דעם „בית לוחמי הגיטאות" ווייטער אָנצוגיין מיט זיין אַרבעט.



# מקורות

**מלך נײַשטאַט, חורבן און אויפשטאַנד פון די אידן אין וואַרשע,** תל־אביב 1948, ועד הגולה פון דער הסתדרות העובדים און דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד אין אַמעריקע. 720 זייטן.

**ספר מלחמות הגיטאות,** ערוך בידי יצחק צוקרמן, משה בסוק, תל־אביב 1956, הוצאת הקיבוץ המאוחד־בית לוחמי הגיטאות ע"ש יצחק קצנלסון, 812 עמ.

**די גאָלדענע קייט,** פערטליאָר־שריפט פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, רעדאַקטאָר — אברהם סוצקעווער, אַרויסגעגעבן פון הסתדרות הכללית של העובדים העברים בארץ ישראל, תל־אביב 1958, ז. 212־252.

**Extermination and Resistance,** historical records and source material, Vol. 1, published by Ghetto Fighters House in memory of Yitzhak Katzenelson, Kibbutz Lohamei Haghettaot, Israel, 1958, 196 pp.